1-4-46

# באריכט

פון

צענטראל קאמיטעט

פון דער פארטיי

# פועלי ציון-צעירי ציון

פאר דער

25 ־טער קאָנווענשאן

אפגעהאלטן אין

אטלאנטיק סיטי, נ. דזש.

פון 9טן ביזן 13טן יאנואר 1946

באריכט פון צענטראל קאמיטעט צו דער 25טער נאציאנאלער קאנ־
ווענשאן פון דער פארטיי פועלי ציון־צעירי ציון, אפגעהאלטן
אין אטלאנטיק סיטי, נ.דזש. יאנור 9טן־13טן, 1946.

אפגעגעבן פון חבר דוד ווערטהיים, סעקרעטאר

---

אונזער איצטיקע פארטיי קאנווענשאן קומט זיך צוזאמען אין א צייט אין וועלכער ס'איז זיכער נויטיק פאר אונזער פארטיי זיך צו קאנצענטרירן אויף איר אייגענעם אינערלעכן אינהאלט און נעמען ווי מען זאגט „סטאק" פון איר 40 יאריקער עקזיסטענץ און אין ליכט פון איר פארגאנגענער אקטיוויטעט און פון דער געגנווארטיקער לאגע פון אידן אין דער וועלט, אין אמעריקע, און דער סיטואציע אין ציוניזם, באשליסן וועגן אירע וועגן און אקטיוויטעטן אין דער צוקונפט.

ניט נאר זיינען 40 יאר א פעריאדע וואס מאכט נויטיק אזא חשבון הנפש, נאר אויך ווערט דאס נויטיק צוליב די זעקס מלחמה יארן מיט די שוידערלעכע געשעענישן און רעזולטאטן וואס די מלחמה יארן האבן געבראכט פארן אידישן פאלק.

די מלחמה האט זיך געענדיקט. מיר לעבן אבער איצט אין א שווערער בין השמשות צייט. דער שלום האט זיך נאך ניט אנגעפאנגען. ניט נאר האט דאס אידישע פאלק קיינמאל ניט דורכגעמאכט די שוידערלעכקייטן וועלכע זיינען אים באפאלן אין די לעצטע מלחמה יארן, נאר מיר האבן נאך קיינמאל ניט איבערגע־לעבט אזא געראנגל ווי מיר מאכן איצט דורך אין די נאך־מלחמה און ערב־שלום טעג.

עס זיינען פאריבער דריי יאר פון אונזער סיראקיוזער קאנווענשאן. וויל מיר מוזן באטראכטן די מלחמה יארן אלס איין באשטימטע פעריאדע, איז נויטיק אויך אין קורצן אין דעם איצטיקן באריכט צו דערמאנען זאכן און ענינים וועלכע זיינען פארבונדן אויך מיט אונזער טעטיקייט אין די ערשטע מלחמה יארן וועגן וועלכע ס'איז באריכטעט געווארן אין סיראקיוז.

מיר פיגורירן פאר דער אויסערלעכער וועלט און אין אונזער אייגענער אפ־שאצונג אלס א פאליטישע פארטיי אויף דער אידישער גאס. דאס אלגעמיינע לעבן אין אמעריקע און דאס אידיש לעבן מאכט אונגעהויער שווער די פולקאמע עק־זיסטענץ פון א ציוניסטיש סאציאליסטישער פארטיי אין אמעריקע. אונז פעלן די

באדינגונגען וועלכע האבן געגעבן אונזערע שוועסטער פארטיי אין אנדערע לענדער הויפטזאכלעך אין די מזרח אייראפייאישע לענדער, די מעגלעכקייטן צו עקזיסטירן און זיין אקטיוו אין אלגעמיינעם לעבן אלס א אידישע פאליטישע פארטיי. אויך אין דעם אלגעמיינעם אידישן לעבן אין אמעריקע איז שווער צו אויסלעבן זיך, ווי מען זאגט, אלס א אידיש פאליטישע פארטיי.

אין אלגעמיינעם לעבן איז ניט פאראן אין אמעריקע די באדינגונגען פאר באזונדערע פאליטישע אקטיוויטעט פון פאליטישע פארטייען פון מינאריטעטן פעלקער. אויך אין אידישן לעבן איז אלעס געבויט אויף פרייוויליקייט. ס'איז ניט פאראן קיין שום רעגירונגס רעגולאציעס און אנערקענונג פאר אידישן קהילה לעבן, א.א.וו. און ס'איז ניט פאראן במילא שוין ביי די אידישע מאסן די באדינגונגען פאר דער ענטוויקלונג פון פארטייען וועלכע זאלן אויסאיבן פארטיי דיסציפלין איבער זייערע מיטגלידער. אן ארגאניזאציע ווי אונזערע וועלכע וויל פיגורירן אלס א פאליטישע פארטיי האט ניט פאקטיש אין אידישן לעבן דא קיין באזונדערע געביטן און קיינע ספעציעלע פארמען וועלכע זאלן איר אויסטיילן פון אלע אנדערע אזוי גערופענע ניט־פאליטישע קערפערשאפטן וועלכע בינדן ניט זייערע מיטגלידער מיט קיין אינדיווידועלער דיסציפלין און וועלכע זיינען טעטיק אויף פארשידענע געביטן פונקט אזוי ווי מיר.

מיר שטעלן זיך אפ אויף דעם כדי צוצוקומען צו דער ספעציעלער שוועריקייט פאר די מלחמה יארן, ס'איז געווען אין 1939 ווען מיר האבן דאס לעצטע מאל אפגעהאלטן וואלן צום ציוניסטישן קאנגרעס. עס זיינען געווען די לעצטע דריי פיר ציוניסטישע קאנגרעסן אויף וועלכע די פארטיי האט אנגעהויבן צו שטייגן פון קאנגרעס צו קאנגרעס אין איר דערגרייכונגען. עס האט אנגעהויבן אלץ קלארער ווערן אז הויפטזאכלעך איז דער ציוניזם וועלכער איז געבויט אויף ריכטונגען, פאליטישע פארטייען, דער וואס גיט דעם הויפט פאליטישן אינהאלט און „רעזאן ד'עטר" אונזער פארטיי. דאס מיינט ניט צו זאגן אז אידישע טעטיקייט, די זארג פאר דער פעדערונג פון אידישן לעבן אין אמערקע, זיינען מינדערווערטיק. נאר, ווי שוין פריער דערמאנט, פאר די דאזיקע אלע אנדערע טעטיקייטן וואלט מען אפשר זיך ערנסט פארטראכט צי איז נויטווענדיק אדער מעגלעך די עקזיסטענץ אלס א פאליטישע קערפערשאפט. קומט מען צום ציוניסטישן געביט פון אונזער

טעטיקייט, איז קלאר סיי די נויטווענדיקייט, סיי די מעגלעכקייט, צו געבן אונזער
אויסדרוק צו אונזער ספעציעלן וועג און ספעציעלע שטרעבונגען. פארשטייט זיך
אז אונז פעלן אויך אויף דעם געביט נאך פיל. מען קען ניט זאגן אז אין
ציוניזם האבן מיר אין אמעריקע די מעגלעכקייט פון פולן פאליטישן אויסדרוק
אין גרויס־צוגיקע פאליטישע אקטיוויטעטן. דאך זיינען מיר הויפטזאכלעך גע־
קומען צום אויסדרוק אלס א פאליטישע ריכטונג אויף דעם ציוניסטישן געביט.
אונזער וואקסענדע ראלע אין די וואלן צום קאנגרעס, האבן ענטהאלטן אין זיך
די מעגלעכקייטן פון אלץ שטארקערן וואוקס פון אונזערע פאליטישע פאטענצן.

די 6 מלחמה יארן האבן געשאפן פאר אונז די פראבלעם פון איבערייס אין
אט דער ענטוויקלונג. עס האבן געמוזט צוליב דעם מער ווי ווען ס'איז אין פרי־
ערדיקע יארן, זיך דערוועקן פראגן און פראבלעמען וועלכע זאלן ברענגען חברים
צו א ווילן נאכצוקלערן ווידער אמאל וועגן די גרונט יסודות פון דער פארטיי
און איר‑רע עקזיסטענץ נויטווענדיקייטן און מעגלעכקייטן.

דאס אלעס באטראכטן מיר אלס אן איינלייטונג צו די פראגן וועלכע מיר
האבן אוועקגעשטעלט אויף דער קאנווענשאן אלס הויפט פראבלעמען. מיר וועלן ביי
דער דאזיקער קאנווענשאן דארפן געבן אן ענטפער אויף דער פראגע צי איז דא
די נויטווענדיקייט פאר דער עקזיסטענץ פון א באזונדער פאליטישער ארגאניזא־
ציע ווי עס זיינען די פועלי ציון־צעירי ציון. אויף וועלכע געביטן איז איר
באזונדערע עקזיסטענץ אן אבסאלוטע נויטווענדיקייט, און קען ניט פארטראטן גע־
ווערן פון קיין אנדער עקזיסטירנדער קערפערשאפט אדער ארגאניזאציע. אויב די
עקזיסטענץ איז נויטווענדיק, קומט דאן די פראגע צו איז ניט נויטיק צו ענ־
דערן געוויסע איצט עקזיסטירנדע ארגאניזאציאנס פארמען כדי מעגלעך צו מאכן
די עקזיסטענץ און די ענטוויקלונג פון דער נויטיקער ארגאניזאציע.

ס'איז אונזער איבערציי‑גונג אז איצט איז מער ווי ווען ס'איז דא די נויט־
ווענדיקייט פאר דער עקזיסטענץ פון פועלי ציון־צעירי ציון אלס א פאליטישע
ציוניסטיש סאציאליסטישע ארגאניזאציע. צי רופט זי זיך פארטיי צי ניין, איז
פאר אונז קלאר וואס עס מיינט א פאליטישע ארגאניזאציע. די ארגאניזאציע האט
איר „סעט פון פרינציפן". די אלע וועלכע שליסן זיך אן און געהערן צו איר

און נעמען אן די פרינציפן אירע, האבן זייער לאיאליטעט פאר אלע אקטיוויטעטן וואס זיינען פארבונדן מיט די דאזיקע פרינציפן - נאר צו דער פאליטישער אר־גאניזאציע און ניט צו קיין אנדערער. די נויטווענדיקייט פון אזא ארגאניזאציע איז שוין, ווי געזאגט, ספעציעל נויטיק פאר דער פארווירקלעכונג פון אונזערע ציוניסטישע אידעאלן. אונזער בליק אויף ציוניזם און אונזערע אויפפאסונג פון ציוניזם איז ניט סתם עפעס א צוטשעפעניש אדער א צוגאב צו דער באזעלער פראגראם.

מער ווי ווען ס'איז פריער האבן די שווידערלעכע מלחמה יארן, דער קאמף פאר אידישע רעטונג און די ראלע וואס דאס ארבעטענדע ארץ ישראל האט געשפילט אין דער דאזיקער רעטונגס ארבעט, באוויזן ווי ריכטיק ס'איז אונזער וועג אין ציוניזם. נאר אן ארץ ישראל געבויט אויף די יסודות פון ארבעטער ציוניזם איז דער איינציקער וועג פאר דער פארווירקלעכונג פון ציוניזם און איז דער בעסטער וועג פון רעטונג פאר אידן.

ניט קוקענדיק אויף אלץ וואס מיר האבן איבערגעלעבט איז אבער דער פא־ליטישער קאמף אין ציוניזם איצט א גאנץ אינטענסיווער. מען האט דאס בולט געקענט זען ביי דער לעצטער ציוניסטישער קאנפערענץ אין לאנדאן. עס האט זיך אויסגעקריסטאליזירט א שטארקע איניקייט פון כמעט אלע בירגערלעכע עלעמענטן אין ציוניזם, מען רעדט נאך אפילו ניט אזוי קלאר און שארף אז דער הויפט צוועק פון דער ארגאניזירונג איז קאמף קעגן דער אזוי גערופענער „העגעמאני" פון ארבעטער ציוניזם, אבער ס'איז שוין ניט פאראן יענע אידיליע וואס מיר האבן דורכגעמאכט פאר א ריע יארן ווען מיר האבן געהאט צו אונזער רעכטער זייט דעם אמת פראגרעסיוון און ליבעראלן ציוניזם פון גרופע א'. די גרופע ב' איז טאקע כמעט ווי אפגעווישט געווארן, אבער די ניי־רעארגאניזירטע גרופע א' וועלכע האט איצט ארומגענומען כמעט אלעמען און שליסט איין אין זיך א סך נעכ־טיקע גרופע ב' און אפילו געוויסע רעוויזיאניסטן, ווערט ניט באהערשט פונ'ם גייסט פון רופין'ן און זיין גלייבן. ס'איז געווען ניט שווער צו זען אז דער הויפט יסוד פאר דער נייער וואקסנדער גרופע א' ריכטונג איז אין חוץ ניט דערלאזן אז די ארבעטער זאלן טאקע קענען ארויפלייגן זייער שטעמפל אויף דעם גאנצן ווערק פון ארץ ישראל אויפבוי און טאקע פארווירקלעכן זייער אידעאל פון

א סאציאליסטיש אדער ארבעטענדעם ארץ ישראל.

מיר האבן ניט נאך 40 יאר פאר דער פארווירקלעכונג פון ציוניזם. מיר מוזן איצט פארשטיין אז עס מוז נעמען און עס וועט נעמען פיל, פיל ווייניקער, און אט פאר דער דאזיקער פעריאדע אין וועלכער עס קומט נאך אוים דעם אל-וועלטלעכן אידנטום און דעם אלוועלטלעכן ציוניזם צו באווירקן און צו העלפן דער פארווירקלעכונג פון ציוניזם און די עטאבלירונג פון דער אידישער קאמאנוועלט, מוז עקזיסטירן און מוז געשטארקט ווערן דער כח פון ארבעטער ציוניזם און זיין פאליטישע ארגאניזאציע אויך אויסער ארץ ישראל. אין 1945, נאך די שוידער-לעכע און טראגישע געשעענישן דארף אמעריקע און ציוניסטישע ארבעטער אין אמעריקע, זען ממלא צו זיין וואס עס פעלט און וואס עס וועט פעלן דעם ארבעטענדן ציוניזם אין זיין פון כחות און צאלן צום קומענדן ציוניסטישן קאנגרעס צוליב דעם אונטערגאנג אדער די אפשוואכונג פון די אידישע קיבוצים אין די אייראפּיי-אישע לענדער. דאס אליין איז גענוג צו דערווייטערן אונז פון יעדער מחשבה פון סקעפטיציזם און ספקות וועגן דער נויטווענדיקייט פון אונזער עקזיסטענץ. און פארשטייט זיך אז וויל אונזערע ציוניסטישע טעטיקייט איז ביי אונז אזא עיקר, <u>מיינט דאס ניט אז אויף אונז איז ניט חל די זארג פאר אלע טעטיקייטן וואס זיינען פארבונדן מיט אידישן לעבן, מיט דעם קאמף פאר אידישן קיום און אידישן המשך.</u>

האבענדיק די באגרינדונג פאר אונזער עקזיסטענץ אלס א פאליטישע ארגא-ניזאציע, <u>הויפטזאכלעך</u> אין דער ציוניסטישער טעטיקייט, מוזן מיר שוין און דארפן שוין און זאלן אין אונזער געביט פון טעטיקייטן איינשליסן <u>אלע</u> אקטיווי-טעטן וואס באצוועקן געזינטער מאכן און שענער מאכן און רייכער מאכן אונזער אידיש לעבן ווען אפילו אויף די דאזיקע געביטן האבן מיר אנדערע סיטואציעס, האבן און קענען האבן אנדערע שותפים.

דאס וואס איז ביז איצט דא געזאגט געווארן דארף אונז דינען ניט נאר אלס א מין איינלייטונג צו די פראבלעמען וועלכע שטייען ביי אונז אויפן טאג-ארדנונג פון דער קאנווענשאן און וועגן וועלכע עס ווערן געבראכט באזונדערע פארשלאגן און פלענער, נאר זיי האבן אויך זייער וויכטיקייט ווען מיר טרעטן צו צו איבער-געבן דעם באריכט פון אונזערע טעטיקייטן פאר די לעצטע יארן.

## אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ

ווען מיר האבן באריכטעט ביי דער סיראקיוזער קאנווענשאן וועגן אונזערע טעטיקייטן אין די ערשטע דריי יאר פון דער וועלט־מלחמה, האבן מיר אנגעוויזן אויף אונזער ראלע אין דער געשאפענער פאראייניקטער קערפערשאפט אין אלע ציוניסטישע גרופן פאר ציוניסטישער פאליטישער טעטיקייט אין אמעריקע. מיר האבן אנגעוויזן אויף דעם ווי מיר זיינען געווען גענויגט אין דעם קאמף פאר דער עקזיסטענץ פון דער עמערדזשענסי קאמיטי, און ווי מיר האבן געהאלפן אז די קאמיטי זאל איבערקומען קריזיסן וועלכע האבן באדראט איר סאמע עקזיסטענץ. אין יענער פעריאדע האבן מיר קודם כל געדארפט אין אמעריקע שאפן די נויטיקע ציוניסטישע אייניקייט. מיר האבן געהאלפן אז די היסטארישע בילטמאר קאנפערענץ איז געווען אן אויסערארדענטלעך וויכטיקער שריט וואס האט קודם כל נאך יארן פון צומישעניש פעסטגעשטעלט דעם יסוד פאר אונזער באנייטן ציוניסטישן קאמף. מיר האבן אנגעוויזן דאן וואס פאר א ראלע מיר האבן געשפילט אין דער איינבארופונג פון דער דאזיקער קאנפערענץ און אויף דער קאנפערענץ אליין.

אין סיראקיוז האבן מיר אוועקגעלייגט דעם יסוד פאר דעם צווייטן בלעטל וואס האט געדארפט נאכפאלגן בילטמאר. נאכדעם ווי ציוניסטן זיינען פאראייניקט געווארן ארום אן אקטועלער קאמפס פראגראם, האבן מיר אלע געפילט אז מען דארף גיין נאך א שטאפל העכער און מען דארף זוכן די פאראייניקונג פון אידן ארום דער געגנווארטיקער ציוניסטישער פאליטישער פראגראם.

די פאראייניקונג פון אידן דארף אבער גיין נאך ווייטער פון דעם איין פונקט פון פארזיכערן אייניקייט ארום דער ציוניסטישער פראגראם. מיר האבן געוואוסט אז מיליאנען אידן האבן זיך צו יענער צייט געפונען אין די הענט פון היטלערן. מען האט זיכער געהאט דעם פאר־געפיל, ווען אפילו ניט אין דער פולער מאס, וועגן דעם וואס עס קען געשען מיט זיי. עס האט געהערשט גרויסע צעשפליטערונג און אומעכטיקייט אויפן געביט פון הילף און רעטונג. מיר האבן געפילט אז עס מוז געשאפן ווערן א אידישע אייניקייט אויך אויף דעם געביט פון זארג פאר די אידן אין גלות היטלער. מיר האבן אויך געפילט אז מען קען ניט און מען טאר ניט אויך אפלייגן די זארג פאר דער אויפשטעלונג פון א צענטראלער אידישער קערפערשאפט וועלכע זאל צוגרייטן אונזער „אידישע קיום" צו די טעג פון שלום.

מיר האבן געוואוסט און געפילט ווי נויטיק ס'איז אז אין אונזער כאאטישן אידיש לעבן אין אמעריקע זאל אריינגעבראכט ווערן ארדנונג און זאלן אלע אידן געפינען די מעגלעכקייט טראץ אלע זייערע חילוקי דעות, מיטצוארבעטן אין איין צענטראלער קערפערשאפט און זאל זי ווערן דער באלעבאס פון אונזער אידיש גע־זעלשאפטלעכער טעטיקייט און פון אידישן קאמף און פון אידישן לעבן אין אמע־ריקע אליין.

מיר זיינען געווען די ערשטע וועלכע האבן אנגעפאנגען רעדן וועגן אזא אידי־שע פאראייניקונג. דאן נאך, אין סיראקיוז, האבן מיר עס גערופן א באניטער קאנ־גרעס. מיר האבן אוועקגעשטעלט פאקטיש די דאזיקע פראבלעם אויפן טאג־ארדנונג פון דער אמעריקאנער אידישע עפענטלעכקייט. מיר האבן אין סיראקיוז דערוויילט א ספעציעלן קאמיטעט וועלכער איז באאופטראגט געווארן צוזוציען פארטרעטער אויך פון אונזערע אנדערע צווייגן. דער קאמיטעט איז באאופטראגט געווארן אויס־צוארבעטן א גענויע פלאטפארמע און די פראגראם פון טעטיקייט פאר אזא אידישע פאראייניקונג. ווען א דעלעגאציע פון אונזער צענטראל קאמיטעט האט נאך דער קאנ־ווענשאן זיך באגעגנט מיט דר. ווייצמאן, דער פרעזידענט פון דער אלוועלטלעכער ציוניסטישער ארגאניזאציע און אים איבערגעגעבן די גרוסן פון דער קאנווענשאן אין ענטפער אויף זיין באגריסונג צו דער קאנווענשאן, האבן מיר געהערט וועגן פלענער פון צוזאמענרופן א ספעציעלן אידישן קאנגרעס געווידמעט דער פראבלעם פון ארץ ישראל. מיר האבן ארויסגעבראכט אונזער שטעלונג אז עס זאל גערופן ווערן אן אלגעמיין אידישער קאנגרעס וועלכער זאל האבן אלס איינער פון זיינע הויפט פונקטן, ארץ ישראל, אבער דער דאזיקער קאנגרעס דארף ארומנעמען אלע געגנווארטיקע פראבלעמען פון אידישן לעבן. מיר האבן געדארפט מאכן באמיאונ־גען אין די ציוניסטישע קרייזן דורכצוזעצן אונזער שטאנדפונקט. מיר האבן גע־טריי דורכגעפירט די אויפגאבן וועלכע זיינען אויף דעם געביט אונז ארויפ־געלייגט געווארן אין סיראקיוז.

וואס ס'איז געשען איז אן אפענער בוך פאר אלעמען. טאקע דורך דר. ווייצ־מאנ'ס באמיאונגען איז געשען אז די בני ברית, איינע פון די גרעסטע אידישע ארגאניזאציעס אין אמעריקע, וועלכע איז ציוניסטיש פריינטלעך, אבער דאך ניט קיין ציוניסטישע קערפערשאפט, האט גענומען די איניציאטיווע. ס'איז פאררופן

געוואָרן די ערשטע פאר־קאנפערענץ אין פיטסבורג און מיר האבן געהאט חדשים פון שווערן קאמף כדי דורך דער איניציאטיווע דערמעגלעכן די דורכפירונג פון אונזער סיראקיוזער באשלוסן.

אונזער ספעציעלער קאמיטעט וואס מיר האבן דערוויילט ביי דער קאנווענשאן און דער צענטראל קאמיטעט, זיינען אנגעגאנגען מיט דער ארבעט פון פארבארייטן אונזערע פארשלאגן, אונזער וואל־פלאטפארמע און אויך ארגאניזירן אונזער באַ־וועגונג פאר אונזער טעטיקייט צו פארזיכערן די געהעריקע ענטוויקלונג פון דער נייער איניציאטיווע. מיר האבן צונויפגערופן אונזערע א באוועגונגס קאנווענשאן וועלכע האט ארויסגערופן צו זיך גרויסן אנזעען אין דער אידישער אמעריקע. די דאזיקע באוועגונגס קאנווענשאן איז געווען דער ערשטער שטוים צו דער עפנטלעכער דיסקוסיע וועגן דער אמעריקאנער אידישער קאנפערענץ.

גרויסע קאמפראמיסן האבן געמוזט געמאכט ווערן כדי צו פארזיכערן די אל־אידישע באטייליקונג אין דער קאנפערענץ. פון אונזער באוועגונגס קאנפערענץ האט די פארטיי ליטונג געקראגן דעם אויפטראג פראקטיש צו ליטן אונזער וואל קאמף. די וואל רעגולאציעס זיינען געווען אזעלכע וועלכע האבן אונז געקענט אין גאנצן אפווישן פון דער אויבערפלעכע. נאר א דאנק דער גרויסער מי און ענער־גיע פון אונזער פארטיי ליטונג און דער קאאפעראציע פון אלע אונזערע צווייגן און קערפערשאפטן, איז אונז געלונגען ארויס מיט גרויס כבוד פונ'ם וואל קאמף און קומען צו דער אמעריקאנער אידישער קאנפערענץ מיט 10% פון די דעלעגאטן רעגיסטרירט אין דער ציוניסטישער ארבעטער פראקציע.

די קאנפערענץ האט אונז זיכער ניט צופרידנגעשטעלט. מיר האבן געזען ווי די אלע גרויסע ארגאניזאציעס צו וועמען די אידן פון א גאנץ יאר שענקען אזא גרויסן צוטרויען, ווילן אלץ מצמצם זיין די פראראגאטיוו פון דער נייער קערפערשאפט פאר אידישע אייניקייט וועלכע מען גייט שאפן אין אמעריקע. ביי דער ערשטער סעסיע פון דער אמעריקאנער אידישער קאנפערענץ זיינען מיר געווען גאנץ איזאלירט. קיין אנדער ארגאניזאציע און קיין אנדער בלאק האט ניט גע־שטיצט אונזער פאדערונג אינצושליסן אין דער קאנפערענץ פראגראם די אמערי־קאנער אידישע סצענע. מיט גרויס מי האט זיך אונז איינגעגעבן אינצושליסן דעם געביט פון רעטונג אין דער פראגראם פון דער קאנפערענץ. אבער סיי ביי

דער ערשטער סעסיע און נאך מער, שפעטער, איז קלאר געווארן ווי די מערהייט פון דער קאנפערענץ פאסט אויף דעם דאזיקן געביט פון טעטיקייט. מ'האט בשום אופן ניט געוואלט מיט עפעס אנרירן די שוין עקזיסטירנדע קערפערשאפטן, ניט אויפן געביט פון רעליף און ניט אפילו אויפן געביט פון פאליטישער אינטער-ווענץ. דאס האט פאקטיש געמיינט אבסאלוטע אונמעכטיקייט און א פארטזעצונג פון באטישקייט.

אויף איין געביט איז די קאנפערענץ געהען — זי איז ארויס-געקומען מיט איר רעזאלוציע פאר א אידישע קאמאנוועלטה און טראץ די שוועריקייטן וואס זיינען ענטשטאנען סיי מיט די אנטי-ציוניסטן פון רעכטס, ווי אויך מיטן ארבעטער קאמיטעט פון לינקס, האט דאך די קאנפערענץ קלאר ארויסגעבראכט פאר דער וועלט אז איבער 90% פון דעם ארגאניזירטן אידנטום שטיצט די בילטמאר פראגראם. דער דאזיקער פאקט האט געהאט זיין גרויסע ווירקונג אין אונזער ווייטערן ציוניסטישן פאליטישן קאמף.

פון דער ערשטער סעסיע ביז אין דער צווייטער סעסיע פון דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ האבן אונזערע פארטרעטער אונערמידלעך געפירט זייער קאמף צו אקטיוויזירן די קאנפערענץ, זאל דאס זיין כאטש אויף די געביטן וועלכע מען האט אנערקענט אז זיי זיינען טעטיקייטס געביטן פאר דער קאנפערענץ. עס האבן זיך ארויסגעצייגט גרויסע שוועריקייטן. דאס וואס עס זיינען געבליבן אלע אידישע קערפערשאפטן וועלכע האבן אליין א ווילן און א באגער צו אנערקענט ווערן אלס די צענטראלע אידישע פארייניקונגס ארגאנען אין אמעריקע, האט זיכער ניט לייכט געמאכט די ענטוויקלונג פון דער קאנפערענץ.

דער אמעריקאנער אידישער קאנגרעס איז פאקטיש געווען די צווייטע גרעסטע פראקציע אין דער קאנפערענץ. אבער דער קאנגרעס וועלכער האט ניט אויפגעגעבן קיין איין געביט פון זיין טעטיקייט און וועלכער קליימט צו קאנצענטרירן אין זיך מיט ווייניק אויסנאם כמעט אלע די זעלביקע ארגאניזאציעס וועלכע זיינען אנגע-שלאסן אן דער קאנפערענץ, איז אנגעגאנגען מיט זיינע ארבעטן און אונטערנע-מונגען. דאס זעלביקע האבן געטאן אנדערע ארגאניזאציעס און אזוי ארום האבן אידן געזען פאר זיך די פארזעצונג פון דער אידישער צושפליטערונג. און ס'איז זיכער ניט אן יסוד צו באהויפטן אז די דאזיקע קערפערשאפטן האבן אזוי

אדער אויף אנאנדער אופן טאקע ניט צוזעלאזן אז די קאנפערענץ זאל ווערן דאס וואס זי דארף ווערן.

אין אויפטראג פון אונזער פארטיי ראט אין פילאדעלפיע האבן מיר ווידער אמאל באנייט אונזער קאמף פאר אויסברייטערן די ראל פון דער אמעריקאנער אידישער קאנפערענץ פראגראם ביי דער צווייטער סעסיע פון דער קאנפערענץ אין פיטסבורג. מיר האבן פאר דער צייט ביז אין דער קאנפערענץ זיך פארזיכערט מיט דער אונטערשטיצונג פון נאך ארגאניזאציעס. דער אמעריקאנער אידישער קאנגרעס האט אנגענומען אונזער פארגעשלאגענע פראגראם פאר דער קאנפערענץ. עס האבן זיך ארגאניזירט ספעציעלע גרופן פון קאנפערענץ דעלעגאטן וועלבע האבן אונז געשטיצט אבער דאך האט אונז די צווייטע סעסיע קיין נחת ניט געבראכט. און קיין ענדערונג איז ניט געשען.

די בני ברית האבן אולטימאטיוו געקעמפט קעגן אונזערע פארשלאגן. די קאנגרעס פירער האבן געענדערט זייער שטעלונג אויף דער סעסיע אליין און מיר האבן ווידער ניט באוויזן דורכצופירן וואס מיר האבן געוואלט.

די קאנפערענץ איז צו ביסלעך פארוואנדלט געווארן אין נאך א קערפערשאפט אין דער ריע פון קערפערשאפטן וועלבע מיר האבן אין אמעריקע. זי נעמט ארום אין זיך זיבער די גרעסטע צאל ארגאניזאציעס, מער ווי יעדער אנדער אידישע קערפערשאפט. אבער זי האט זיך אליין באגרעניצט אין אירע טעטיקייטן און די ארגאניזאציעס וועלבע זיינען אין איר אנגעשלאסן האבן דאפעלטע לאיאליטעטן און מיר מוזן איצט ביי דער קאנווענשאן באטראכטן גענוי די געשאפענע סיטואציע. מיר זעען שוין איצט מער־ווייניקער וואס עס מיינט שלום קאנפערענץ און עס זיינען פאראן פירענדע קרייזן אין דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ וועלבע רעדן שוין וועגן א לעצטע סעסיע. זיי טרייסטן זיך שוין מיט דעם וואס מען האט געוואונען די מלחמה און זיינען שוין באלד גרייט צו פארלאזן אונזער אידישן קאמפס־פעלד.

קיין דורכפאל אויף דעם געביט טאר אונז ניט ענטמוטיקן און ענטוישן. וואס מיר האבן געפאדערט צוריק מיט דריי יאר איז ניט אפגעלייקנט געווארן אין לעבן. די נויטווענדיקייט איז געווארן נאך גרעסער. די איינצעלנע פארדינסטן פון דער קאנפערענץ אויף דעם אדער יענעם געביט, ווי למשל דאס איינשטעלן אן

אײניקײט מיטן באָרד אָוו דעפּיוטיס אין ענגלאנד און מיטן אידישן װעלט קאנ־
גרעס, װעגן אינטערנאציאנאלע פארהאנדלונגען און פארטרעטערשאפטן, איז נאך
ניט געניגענד אונז צו איבערצײגן אז די קאנפערענץ קען און דארף בלײבן אזוי
װי זי איז. פאר אונז שטײט די פראבלעם צי דארפן מיר פארזעצן דעם קאמף פאר
ענדערונגען אין דער קאנפערענץ דורך פארשטארקן אונזער קאאפּעראציע און אינ־
טענסיװירן אונזער באטײליקונג אין דער קאנפערענץ אלײן, אדער צי זײנען מיר
איבערצײגט אז האבענדיק די עלעמענטן װאס מיר האבן איצט אין דער קאנפערענץ
װעלכע װילן ניט צולאזן ניט די אויסברײטערונג און ניט די אקטיװיזירונג פון
דער קאנפערענץ מוז מען פירן אזא קאמף װאס זאל זײ דערװײטערן פון דער קאנ־
פערענץ, װאס קען מײנען א גרויסער פארלוסט אין פרעסטיזש פאר דער קאנפערענץ
און קען ברענגען צו דעם אז די קאנפערענץ זאל טאקע בלײבן נאר מיט די זעלבע
כחות װעלכע זײנען פאראן אין דעם אמעריקאנער אידישן קאנגרעס. אין דעם פאל
שטעלט זיך די פראגע צי איז ניט שוין דאן בעסער צו באנײען און פארשטארקן
אונזער פארבינדונג מיט דעם אידישן קאנגרעס אלײן װאס איז מער בארײט צו
ארײננעמען אין זיך אלע אידישע טעטיקײטס געביטן, האט זיכער מער נײגונג צו
א אידיש נאציאנאלן צוגאנג, האט אבער אויך זײנע חסרונות װאס עס פעלט צו
אים די געהעריקע באציאונג און דער צוטרוי פון די אידישע מאסן.

איצט, שוין ערב אונזער קאנװענשאן איז פארעפנטלעכט געװארן דער
לעצטער באשלוס פון דער עקזעקוטיװע פון דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ
אז די דריטע סעסיע װעט אפגעהאלטן װערן דעם 17טן פעברואר 1946 אין קליװ־
לאנד. מיר װעלן דארום שוין איצט בײ דער קאנװענשאן מוזן באשטימען װעגן
אונזער באציאונג צו דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ און אונזער שטעלונג
אויף דער קומענדער דריטער סעסיע, און דער ארײנקומענדער צענטראל קאמיטעט
װעט דארפן אנװענדן אלע כחות צו מאביליזירן אונזער פארטרעטערשאפט אין קאמף
פאר דער דורכפירונג פון די באשלוסן װעלכע מיר װעלן אננעמען.

ציוניסטישע פאליטישע אקטיוויטעטן

אין די ערשטע חדשים נאך אונזער סיראקיוז קאנווענ״אן, אין דער צייט
פון די אונטערהאנדלונגען וועגן דער פאררופונג פון דער אמעריקאנער אידישער
קאנפערענץ, האט דער ציוניסטישער עמערדזשענסי קאונסיל דורכגעמאכט אינערלע־
כע קריזיס וואס איז געקומען צוליב דעם וואס עס זיינען ניט געווען קיין לייטנדע
כחות וועלכע זאלן זיך אין גאנצן ווידמען דער ארבעט פונ׳ם ציוניסטישן עמער־
דזשענסי קאונסיל. פילענדיק דער נויטווענדיקייט פון דער עקזיסטענץ פונ׳ם
עמערדזשענסי קאונסיל און די וויכטיקייט צו באווירקן די אמעריקאנער עפנטלעכע
מיינונג אין די רעגירונגס קרייזן, צו שטיצן אונז אין אונזער קאמף קעגן
ווייסן פאפיר, וועלבער האט אזוי שוידערלעך געשטערט דער ארבעט פון אידישע רע־
טונג דורך די מלחמה יארן, און איז געשטאנען אלס אן אנזאג פון שווערע צייטן
פאר דער נאך־מלחמה פעריאדע, האט דער צענטראל קאמיטעט געזוכט מיטלען און
עצות ווי אזוי אויפצולעבן און צו שטארקן דעם עמערדזשענסי קאונסיל. מיר
זיינען ניט געווען אליין אין דער זארג פאר דעם צושטאנד אין עמערדזשענסי
קאונסיל. עס זיינען געווען נאך עלעמענטן אין דער ציוניסטישער באוועגונג וועל־
כע האבן געטיילט אונזער זארג. די לייטענדע פערזענלעכקייטן פון דער אלוועלט־
לעכער ציוניסטישער באוועגונג ווי וויצמאן, בן גוריון, טשערטאק, קאפלאן און
אנדערע וועלכע האבן באזוכט אמעריקע האבן געזוכט וועגן און מיטלען ווי אוועק־
צושטעלן די פאליטישע ארבעט אין אמעריקע אויף א מער געזונטן באזיס.

נאך פארשידענע אונטערהאנדלונגען איז אין זומער פון 1943, פאר דעם
צוזאמענקומען זיך פון דער ערשטער סעסיע פון דער אמעריקאנער אידישע קאנ־
פערענץ צוגעצויגן געווארן ראבי סילווער צו דער הויפט לייטונג פון עמערדזשענסי
קאונסיל. נאך אין אפריל, 1943, ווען מיר האבן פארהאנדלט איבער דער לאגע
אין עמערדזשענסי קאונסיל ביי א זיצונג פון צענטראל קאמיטעט איז אויף דער
זיצונג געמאכט געווארן פארשלאגן וועגן פארשידענע פערזאנען וועלכע מען זאל
פרובירן צוציען צו דער ארבעט פון עמערדזשענסי קאונסיל און צווישן די דא־
זיקע נעמען איז אויך דערמאנט געווארן דער נאמען פון דר. סילווער. מיר האבן
טאקע פאקטיש פון סאמע ערשטן מאמענט געשטיצט דעם פלאן פון ברענגען אזא
ענערגישן מענטשן צו דער פירערשאפט אין עמערדזשענסי קאונסיל. סילווער האט

איבערגענומען די פירערשאפט נאכדעם ווי ביי באראטונגען פון אלע ציוניסטישע
גרופן זיינען געוואויגן געווארן די מעלות און די חסרונות פון דער דאזיקער
דינאמישער פערזענלעכקייט. ס'איז איבעריק דא איבערצו'חזר'ן די ליסטע פון
די מעלות און חסרונות וועלכע מען האט דאן אויסגערעכנט. זיי זיינען שפעטער
געווארן געניי באקאנט אין דער עפענטלעכקייט און אין דער פרעסע.

דער עמערדזשענסי קאמיטעט אונטער סילווער'ס לייטונג האט זיך געשטעלט
אויפן וועג פון א גרויסער, פארצווייגטער טעטיקייט. ס'איז באנייט געווארן אויף
גאר אן אינטענסיוון אופן די ארבעט פון די קערפערשאפטן פאר פראפאגאנדא און
אויפקלערונג אין די קריסטלעכע רייען. פראבלעמען פון ציוניזם האבן אנגע־
הויבן אפטער ארויסגעבראכט ווערן אין דער אלגעמיינער פרעסע. פארשידענע אק־
ציעס זיינען פירגענומען געווארן אין אזא מאסשטאב וועלכע האבן צוגענומען די
איבער־האנט פון דער בערגסאן גרופע וועלכע האט פאר'סמ'ט די מחוח פון א
גרויסע צאל אידן און ציוניסטן.

דאן האט אויך דער עמערדזשענסי קאמיטי אונטערגענומען די אקציע פאר
א קאנגרעס רעזאלוציע און שטיצע פון אונזערע ציוניסטישע אספיראציעס. מיר
מוזן צוגעבן אז עס זיינען געווען געוויסע ציוניסטישע פירער וועלכע האבן זייער
אייגענע צושטימונג צו דעם פאקט פון צוציען דר. סילווער צו דער פירערשאפט
ניט גענומען גאנץ ערנסט. עס האט זיך געפילט אז עס זיינען פאראן עלעמענטן
וועלכע קוקן ארויס אויף א מעגלעכער געלעגנהייט זיך צו באפרייען פון סילווער'ס
פירערשאפט. ניט וויכטיק דא אריינצוגיין אין די סיבות פון אזעלכע שטימונגען
ביי געוויסע ציוניסטישע פירער.

ווען ס'איז אריינגעבראכט געווארן די רעזאלוציע אין קאנגרעס און עס
זיינען ענטשטאנען די שוועריקייטן ארום דער דורכפירונג פון דער דאזיקער רע־
זאלוציע און ס'איז געקומען די אינטערווענץ פון וואר דעפארטמענט מיט רוז־
וועלט'ן, האט זיך לײדער ארויסגעשטעלט אז דר. סילווער האט געגעבן געלעגנהייטן
פאר אן אויפרעגונג קעגן געוויסע האנדלונגען וועלכע ער האט אונטערנומען אויף
אייגענעם אחריות וואס זיינען ניט געווען אין אנקלאנג מיט באשלוסן און אויסגע־
דריקטע מיינונגען פונ'ם עמערדזשענסי קאונסיל.

אן די מאמענטן האבן זיך אנגעכאפט זיינע געגנער וועלכע האבן די גאנצע

צײט זיך געהאלטן פאסיוו. דער צענטראל קאמיטעט פון דער פארטײ האט באקעמפט
אלע דערשײנונגען פון אינערלעכן קאמף. דער צענטראל קאמיטעט האט ניט געוואלט
דערלאזן צו א ריס אין דער לײטונג פון עמערדזשענסי קאונסיל. מיר האבן אין
יענער צײט געהאלטן אינפארמירט אונזערע חברים איבערן לאנד פון אלע אונזערע
שריט. ס'איז אונזער טיפע איבערצײגונג אז מיר האבן געהאט די שטיצע אין
אונזער שטעלונג און באמיאונגען ניט נאר פון אונזער אײגענע באוועגונג, נאר
אויך פון אלע די עלעמענטן אין ציוניזם וועלכע האבן זיך געקענט שטעלן העכער
פון די פארשידענע פערזענלעכע מאמענטן און רײבונגען.

מיר האבן פאר א צײט אפגעהאלטן פון אן ערנסטן ברוך. לאנג האבן מיר
אבער ניט באוויזן אויסצומײדן דעם ענטגילטיקן קריזיס. דורך דעם דורכפאל פון
די באמיאונגען דורכצופירן די רעזאלוציע אין קאנגרעס, האט די מאיאריטעט
פון דעם ציוניסטישן עמערדזשענסי קאונסיל, וואס איז באשטאנען פון ציוניסטן
און הדסה, דורכגעפירט א רעזאלוציע וואס האט גע'טאדלט דר. סילווער פאר זײנע
האנדלונגען און דאס האט איהם געמאכט צו רעזיגנירן.

אונזער שטעלונג איז געווען אבער די גאנצע צײט אין געגנזאץ צו דער
שטעלונג פון מזרחי, אז ווען מיר שטיצן סילווער'ן און זײנען געגן די פאר-
זוכן אים צו דערווײטערן פון דער לײטונג, גײען מיר אבער בשום אופן ניט
אויף דעם וועג פון דערקלערן א קאמף דער מאיאריטעט און פון ברעכן דעם עמער-
דזשענסי קאונסיל. מיר זײנען ניט אײנגעגאנגען אויף קײן פארשלאגן וועלכע
זײנען אונז געמאכט געווארן אז מיר זאלן לכל הפחות סטראשען מיט פארלאזן דעם
עמערדזשענסי קאונסיל. און דאס האבן מיר געטאן נאך אײדער עס האט געקענט
עמיצן אײנפאלן אז די מאיאריטעט פון עמערדזשענסי קאונסיל וועט מאכן א פארזוך
צו קריגן אונזער אקטיווע קאאפעראציע אין דער נײער לײטונג וועלכע זײ שטעלן
אײן אין עמערדזשענסי קאונסיל.

מיר האבן געהאלטן פאר אונזער ציוניסטישן חוב ניט צו ברעכן די אײני-
קײט פון ציוניסטישע אקציע אפילו ווען מיר פילן אז די מאיאריטעט איז בא-
גאנגען אן עולה און דורכגעפירט אן ענדערונג אין דער לײטונג וואס זי האט
ניט געדארפט דורכפירן. גלײך נאך דעם ווי דער באשלוס צו דערווײטערן סילווער'ן
איז דורכגעפירט געווארן האט די מאיאריטעט פון עמערדזשענסי קאונסיל זיך

געװענדעט צו אונז מיט א פארשלאג אז מיר זאלן אריינגיין אין אקטיװן שותפות
און שיקן איינעם פון אונזערע בעסטע פערזענלעכקייטן אין דער לייטונג. דער
צענטראל קאמיטעט האט דעם דאזיקן פארשלאג אויספירלעך פארהאנדלט. ער האט
באשלאסן אנצונעמען דעם פארשלאג, רעכנענדיק זיך מיט די העכסטע ציוניסטישע
אינטערעסן אין יענעם מאמענט און אזוי ארום האט חבר גרינבערג אנגענומען
דעם אמט פון טשערמאן פון דער עקזעקוטיװע פון עמערדזשענסי קאונסיל. דער
דאזיקער באשלוס פונ'ם ענגערן צענטראל קאמיטעט איז דאן אויך באשטעטיקט
געװארן אויף א סעסיע פון גרויסן צענטראל קאמיטעט. מיר האבן זיכער ניט
װאס צו חרטה האבן אויף אונזער באשלוס. מיר האבן געהאנדלט זיכער ערלעך
ציוניסטיש און דער באשלוס אונזערער איז געװען אין די בעסטע אינטערעסן
פון ציוניזם. דער רעקארד פון די אויפטואונגען פון עמערדזשענסי קאונסיל
אין דער צייט פון „ציוניסטישן בירגער-קריג" באװייזט קלאר דאס אונזער ליניע
איז געװען א ריכטיקע. װען ציוניסטן רייסן זיך צװישן זיך, װאס איז אן און
פיר זיך א טרויעריקע דערשיינונג מוז אבער דאך די פאליטישע ארבעט פון א
געאייניקטן ציוניזם פארטגעזעצט װערן. אט דאס איז געװען דער צװעק און זין
פון אונזער געבן חבר גרינבערג צו דער הויפט לייטונג פון איוניסטישן עמער-
דזשענסי קאונסיל. דעם צװעק האבן מיר אין גרעסטן טייל דערגרייכט.

עס האט זיך טאקע אנגעפאנגען א גרויסער מחלוקת אין אמעריקאנער
ציוניזם. די אנהענגער פון סילװער האבן געשאפן א ספעציעלע פאליסי קאמיטי.
זיי האבן אפילו גערעדט װעגן דעם אז זיי מישן זיך ניט און נעמען ניט פיר
אליין קיין פאליטישע אקציעס. זייער הויפט צװעק איז געװען צו נויטן די עמער-
דזשענסי קאמיטי צוריקצורופן סילװערן צו זיין אמט. אבער עס האט זיך שוין
במילא געשאפן א לאגע דאס יעדער האנדלונג פונ'ם עמערדזשענסי קאמיטעט האט
געקראגן איר אפקלאנג אין די אפשאצונגען און די סטייטמענטס פון דער דאזיקער
נייער פאליסי קאמיטי. די אידישע פרעסע איז אין גאנצן געװען אויף סילװער'ס
צד. ברייטע ציוניסטישע קרייזן האבן דעם ענין אויפגעפאסט גאנץ פרימיטיװ און
באטראכט די גאנצע קאנטראװערסי אלס א קאמף פון מיליטאנטן קעגן אפיזערס.
אין פארלויף פון עטלעכע חדשים האט די לייטונג פון דער אמעריקאנער ציוניסטי-
שע ארגאניזאציע בעענדערט אדער געניט געװארן צו ענדערן איר שטעלונג און

סילווער איז צוריקגערופן געווארן.

דאס האט סילווער איז צוריקגערופן געווארן האט געבראכט צו א נייער רעאר־גאניזאציע אין דעם עמערדזשענסי קאונסיל. ער האט געפאדערט פאר זיך נאך מער אטאריטעט ווי ער האט געהאט ביז זיין פריערדיקער רעזיגנאציע. ער איז צוריק געווארן דער טשערמאן פון דער עקזעקוטיווע און ער איז פאקטיש דערוויילט גע־ווארן טשערמאן פון קאונסיל און דר. וויז אלס קא־טשערמאן.

חבר גרינבערג האט נאך די ערשטע צוויי חדשים פון פארנעמען דעם אמט אלס טשערמאן פון דער עקזעקוטיווע, אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע, אלס פארזיצער פון דער עקזעקוטיווע, צום צענטראל האמיטעט פון דער פארטיי. דער צענטראל קאמיטעט האט אים אויפגעפאדערט אנצוהאלטן דעם דאזיקן אמט ביז ס'וועלן קו־מען די פארטרעטער פון דער אלוועלטלעכער עקזעקוטיווע וועלכע זיינען דערווארטעט געווארן אין אמעריקע.

חבר גרינבערג האט רעזיגנירט וויל ער האט געפילט אז די אטמאספערע וועלכע די סילווער גרופע מיט איר פאליסי קאמיטי האט געשאפן, די ניט־סטאבילע שטימונג אין אונזערע אייגענע רייען, מאכט פאר אים אונמעגלעך צו קענען אנגיין מיט זיין ארבעט און זיין קאנסטרוקטיוו אין זיינע פונקציעס אין עמערדזשענסי קאונסיל.

חבר גרינבערג האט זיך געבויגן צום באשלוס פון צענטראל קאמיטעט און טראץ אלע געשאפענע שוועריקייטן פארגעזעצט זיין דינסט און זיין ארבעט ביז דעם מאמענט פון דער צווייטער רעארגאניזאציע.

די גרויסע לייסטונגען פון חבר גרינבערג זיינען אנערקענט געווארן דורך אלע קרייזן אינם ציוניזם און אינם עמערדזשענסי קאונסיל.

זייט דער צווייטער רעארגאניזאציע ארבעט דער עמערדזשענסי קאונסיל מער־ווייניקער נארמאל. ס'איז איינגעשטעלט געווארן א פארשטענדניס מיט דער אלוועלט־לעכער ציוניסטישער עקזעקוטיווע וועגן די ארבעטן פון דער אידזשענסי און אירע פראפאגאנדע אין אמעריקע און די ארבעטן פון ציוניסטישן עמערדזשענסי קאונ־סיל. ביי דער לעצטער ציוניסטישער קאנפערענץ אין לאנדאן און ביי די זיצונגען פון אקציאנס קאמיטעט, איז אויך דערוויילט געווארן א ספעציעלע קאמיטי, א פארטרעטערשאפט פון דער אידזשענסי אין די פאריניקטע שטאטן. ס'איז באשטימט

געװאָרן דאָס אין אַמעריקע געפינען זיך פיר מיטגלידער פון דער ציוניסטישער
עקזעקוטיװע װאָס האָבן אַלע רעכטן פון פולע עקזעקוטיװע מיטגלידער אין אַלע
פּאָליטישע ענינים פון אַלװעלטלעכן ציוניזם. די דאָזיקע פיר זײַנען װײַז, סילװער
ד״ר. נחום גאָלדמאַן און ליפּסקי. אויסער די דאָזיקע פיר האָט דער אַקציאָנס קאָ־
מיטעט דערװײַלט נאָך פיר װעלכע רעפּרעזענטירן מיט זיך די פיר פּאַרטײען, װעל־
כע צוזאַמען מיט די אויבנדערמאַנטע פיר שטעלן צוזאַמען אַ קאָמיטי פון אַכט,
װעלכע פאַרטרעטן אַזוי צו זאָגן, די עקזעקוטיװע אין אַלע פּאָליטישע ענינים
װאָס האָבן צו טאָן מיט טעטיקײטן אין אַמעריקע.

פון אונזער פּאַרטײ האָט דער אַקציאָנס קאָמיטעט באַשטימט חבר חיים גרינבערג
אַלס מיטגליד אינם דאָזיקן קאָמיטעט פון אַכט. חבר גרינבערג האָט לײדער דעם
דאָזיקן אַמט ניט אָנגענומען און אַזוי װי דאָס איז אַן ענין פאַר דעם אַקציאָנס
קאָמיטעט צו באַשטימען איז נאָך דער ענין ביז איצט ניט דערלײדיקט געװאָרן און
מיר באַטײליקן זיך דערװײַל אין דער קאָמיטי פון אַכט מיט אַ פאַרטרעטער אין אַד־
װײַזאָרי קאַפּאַסיטי, דאָס מײנט נאָר מיט באַראַטונגס רעכט.

דער ציוניסטישער עמערדזשענסי קאָמיטעט האָט דורכגעפירט די גרויסע
מאַסן אַרויסטרעטונגען אין קאַמף קעגן װײַסן פּאַפּיר און געגן דער שטעלונג פון
דער נײַער אַרבעטער רעגירונג אין ענגלאַנד. עס זײַנען באַנײַט געװאָרן די טעטי־
קײטן פון די ציוניסטישע עמערדזשענסי קאָמיטעטן אין די פאַרשידענע שטעט.
זײער װירקזאַמע קאָנפערענצן פון אונזערע קריסטלעכע פרײַנט זײַנען צו שטאַנד
געקומען. די סאַמע װיכטיקסטע איז די אַלװעלטלעכע קאָנפערענץ פון די פּראָ־
פּאַלעסטײַן קאָמיטעטן פון פאַרשידענע לענדער װעלכע איז אָפּגעהאַלטן געװאָרן אין
די פאַראײניקטע שטאַטן צוריק מיט אַ פּאָר מאָנאַטן. די אויסגעברײטערטע און פאַר־
שטאַרקטע פּראָפּאַגאַנדע האָט דערפירט צו דעם אַז עס זײַנען װידער באַנײַט געװאָרן
די באַמיאונגען פאַר אַן ארץ ישראל רעזאָלוציע אינ׳ם אַמעריקאַנער קאָנגרעס. די
דאָזיקע רעזאָלוציע איז שוין איצט װען עס װערט געשריבן דער דאָזיקער באַריכט־
אָנגענומען געװאָרן דורך דעם סענאַט און װעט זיכער אויך דורכגײן אין רעפּרע־
זענטאַנטן הויז.

סילװער, גאָלדמאַן און ליפּסקי זײַנען געפלויגן פון אַמעריקע קײן ארץ
ישראל זיך צו באַטײליקן אין אַ פולער זיצונג פון דער עקזעקוטיװע װעלכע

באטראכט די איצטיקע פאליטישע סיטואציע און האט די ספעציעלע אויפגאבע צו באשטימען וואס זאל זיין אונזער שטעלונג צו דער פראקלאמירטער דזשאינט ענגליש־אמעריקאנישע אויספארשונגס קאמיסיע. ווען דער דאזיקער באריכט ווערט געשריבן האבן מיר נאך ניט קיינע ידיעות וועגן די אנגענומענע באשלוסן.

דער צענטראל קאמיטעט פון דער פארטיי האט גענוי פארהאנדלט איבער דער קאמיסיע און אונזער שטעלונג צו איר. מיר האבן געבראכט צום עמערדזשענסי קאונסיל אונזער פארשלאג אז מיר זאלן ניט רעדן פון קיין בויקאט פון דער דאזיקער קאמיסיע. מיר דארפן קריטיקירן - און מיר האבן זיכער דעם גרונט פאר דעם - דעם באשלוס וועגן גרינדן אזא קאמיסיע. דאס קליינינקע ארץ ישראל האט שוין דעם רעקארד פון דעם אממערסטן אויסגעפארשטן לאנד. מיר האבן שוין א געשיכטע פון א גאנצע רייע פארשונג קאמיסיעס, אנגעשטעלט פון דער מאנדא־טאר מאכט אליין. די רעזולטאטן פון די דאזיקע קאמיסיעס שטייען אפט אין סתירה איינער צו דער צווייטער. דער צוועק אבער פון יעדער פארשונגס קאמיטעט אין איר צייט איז געווען צו קומען צו הילף דער מאנדאטאר מאכט און איר דערמעגלעכן אפצולייגן די דורכפירונג פון יעדער באשטימטער לייזונג. מיר האבן זיכער רעכט צו קריטיקירן ספעציעל איצט א פארשונגס קאמיטעט וועלכע קומט נאך א פארשלאג און א ווענדונג פון פרעזידענט טרומאן גלייך אריינצולאזן 100,000 אידן אין ארץ ישראל. די דאזיקע קריטיק אבער האלטן מיר דארף ניט מיינען בויקאט. מען דארף זיך אויך ניט פארפלאנטערן מיט דעם ניט־פאסיקןווארט „קאאפעראציע". מיר זיינען פאר דעם אז דער ציוניזם זאל דערשיינען פאר דער דאזיקער קא־מיטעט טראץ אונזער קריטישע באציאונג צו איר. מיר זאלן פארברענגען אונזער „קיים" און ווען די קאמיטי וועט קומען קיין ארץ ישראל צו מאכן אירע אויס־פארשונגען אויפן ארט זאלן מיר איר דערמעגלעכן פון אונזער זייט צו דורכפירן איר פארשונגס ארבעט.

די עמערדזשענסי קאמיטי איז נאך צו דער צייט ווען דער באריכט ווערט גע־שריבן צוטיילט אין איר באציאונג צו דער קאמיסיע. זי האט באשלאסן אז זי קומט ניט ארויס מיט קיין ענדגילטיקער שטעלונג אלס עמערדזשענסי קאונסיל. זי האט גענומען צו קענטעניס די שטעלונג פון די איינצעלנע פארטייען און זייער מעלדונג וועגן דעם צו זייערע אייגענע וועלט אינסטאנסן.

ווען מיר פרובירן מאכן א סך הכל פון די ארבעט פונ'ם עמערדזשענסי קאונסיל איז קלאר אז זיין עקזיסטענץ איז א נויטווענדיקייט. ער מאכט אין געוויסע אופנים ענג די איינצעלנע פארטייען וועלכע קענען נים אליין פיגורירן סיי כלפי פנים סיי כלפי חוץ אין די פארשידענע געביטן פון ציוניסטישער פאר־ליטישער טעטיקייט. פאר דעם ציוניזם אבער, און דאס מוז שוין אויך זיכער מיינען פאר די איינצעלנע פארטייען, איז זיכער בעסער אז עס זאל נים זיין קיין קאנקורירענדע אקציאנען אונטערנומען פון די איינצעלנע פארטייען, און עס זאל נים זיין קיין יאגעניש נאך פרעסטיזש מצד דער אדער אנדער פארטיי.

מיר האבן ליידער נים באוויזן צו שטעלן גענוג כחות אין רשות פון דער פראקטישער טאג טעגלעכער ארבעט פון עמערדזשענסי קאונסיל. מיר זיינען אבער זייער אן אקטיווער באשטאנדטייל פונ'ם עמערדזשענסי קאונסיל. אונזער ביישטראג איז נים נאר גרויס אין צענטער, נאר אויך איבערן לאנד זיינען פאראן א ריע שטעט וואו אונזערע חברים לאקאל טראגן דעם גאנצן יאך פון דער פאליטישער ארבעט פונ'ם לאקאלן עמערדזשענסי קאונסיל. יעדער צוזאמענפאר פון די ציוניסטישע עמערדזשענסי קאונסילס וואס איז אפגעהאלטן געווארן האט באוויזן די וויכטיקייט פון אונזער אנטייל אין דער ארבעט אויף די ערטער. ס'איז קיין ספק נים אז דער פאקט וואס אמעריקע איז דאס ערשטע מאל אריינגעטראטן אין א שותפות פון א פארשונגס קאמיסיע מיט דער מאנדאטאר מאכט האט געעפנט א נייע בלעטל אין דער ראלע פון אמעריקע אין ענינים פון ארץ ישראל. דאס לייגט ארויף אויף דער ציוניסטישער באוועגונג אין אמעריקע בכלל און אויף אונז בפרט נייע אחריות'ן. די עמערדזשענסי קאמיטי מוז געשטארקט ווערן און איר ארבעט דארף געפירט ווערן מיטן נייעם שוואונג און מיטן נייעם גרויסן פארנעם.

מיר ווילן נאך צום סוף פון דעם קאפיטל דערמאנען דעם פאקט פון אונזער באטייליקונג אין די אפיציעלע הירינגס פון אמעריקאנעם קאנגרעס ארום דער ארץ ישראל רעזאלוציע וואס זיינען פארגעקומען אין פעברואר 1944. דער צענטראל קאמיטעט האט אויסגעארבעט א ספעציעלן מעמאראנדום וועלכער איז פארגעבראכט

געווארן ביי דער הירינג דורך דעם פארטיי סעקרעטאר וועלכער איז דאן געווען אונ־זער פארטרעטער אין דער קאמיטי פונ'ן עמערדזשענסי קאונסיל. דער מעמאראנדום וועלכער איז פארגעלייגט געווארן אין נאמען פון צענטראל קאמיטעט איז פארעפענט־לעכט געווארן אין דעם אפיציעלן רעפארט פון הירינג. מיר האבן אויך געזארגט עס זאלן זיך באטייליקן אין דער הירינג די פארטרעטער סיי פון אידישען טרייד יוניאן קאמיטעט פון ארץ ישראל ווי אויך פארטרעטער פון איי־על־או און סי־איי־או.

## טרייד יוניאן קאמיטע פאר ארץ ישראל

אויף דער איניציאטיווע פון דער פארטיי האט דער ציוניסטישער עמערדזשענ-סי קאונסיל באשלאסן צו עטאבלירן ביי זיך א ספעציעלן קאמיטעט פון טרייד יוניאן מענשן וועלכער זאל קאאפערירן מיט דעם עמערדזשענסי קאונסיל און זיך אפגעבן ספעציעל מיט בעאיינפלוסן די ארבעטער קרייזן אין אמעריקע פאר די אינ-טערעסן פון ציוניזם. דער דאזיקער קאמיטעט, און דער שפיץ פון וועלכן עס שטייט אונזער חבר און פריינט זאריצקי, האט צו זיין קרעדיט א ריע וויכטיקע אויפטואונגען.

ווען דער ארבעטער קאמיטעט איז ארויסגעטראטן פון דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ, האט דער טרייד יוניאן קאמיטעט זיך פאקטיש איבערגעבויט אין דער פארם פון א טרייד יוניאן קאמיטעט וואס נעמט אריין אין זיך א היבשע צאל פון פירנדע טרייד יוניאן פערזאנען. ער ארבעט אבסאלוט זעלבסטשטענדיק באטש ער קאאפערירט פארשטייט זיך, אויך איצט מיטן ציוניסטישן עמערדזשענסי קאונסיל און האלט אן זיינע ענגע פארבינדונגען און קאאפערירט מיט אונז.

מיר האבן שוין איינקע מאל געבראכט פאר די דאזיקע טרייד יוניאן מענשן פארשידענע פלענער. מיר שטייען נאך אלץ מיט זיי אין פארהאנדלונגען וועגן דער נויטווענדיקייט פון א גרויסן ארבעטער קאנגרעס פאר ארץ ישראל אין אמעריקע וועלכע זאל ארגאניזירן אלע ארבעטער כחות פאר דעם פאליטישן קאמף פארן ציוניזם. אונזער ווילן איז אז דער דאזיקער ארבעטער קאנגרעס זאל ארומנעמען ניט נאר די טרייד יוניאנס נאר אלע ארבעטער ארגאניזאציעס, פא-ליטישע און געזעלשאפטלעכע. ער זאל איינשטעלן א פערמאנענטן קאמיטעט וועלכער זאל רעפרעזענטירן אלע ארבעטער ארגאניזאציעס, ניט נאר די טרייד יוניאנס אליין. פונקט ווי דער ארבעטער קאמיטעט וועלכער דערקלערט זיך ניטראל צום ציוניזם און שליסט אויס ארץ ישראל פון זיין טעטיקייטס-געביט רעפרעזענטירט ניט נאר טרייד יוניאנס אליין, אזוי זאל אויך די ארבעטער ארגאניזירונג <u>פאר</u> ארץ ישראל זיין געבוים.

ביז איצט ווילן מיר נאך אמאל אונטערשטרייכן, האט די טרייד יוניאן קא-מיטעט מיט אונזער פולער קאאפעראציע גענומען א גאנץ טיכטיקן אנטייל אין אלע עפענטלעכע מאסן אויסדריקן פון אידישע און אלגעמיינע סימפאטיען פארן

ציוניזם. די לעצטע דעמאנסטראציעס וועלכע זיינען געווען אין ניו יארק, ספע־ציעל די גאר גרויסע דעמאנסטראציע אין אפענעם מעדיסאן סקווער פארק, וועלכע האט צוזאמענגענומען איבער 200,000 מענשן איז לויט אלע אפשאצונגען פאק־טיש געווען אן ארבעטער דעמאנסטראציע. די פירער פון טרייד יוניאן קאמיטעט האבן אנגעהאלטן זייער שטענדיקן קאנטאקט סיי מיט דער הויפט ליטונג פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר ווי אויך מיט דער סי־איי־א. ס'איז נאר א דאנק דעם דאזיקן קאנטאקט וואס מיר האבן לעצטענס געהאט די זייער שארפע ארויס־טרעטונגען סיי פון דער סי־איי־א ווי פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לייבאר קעגן דעם סטייטמענט פון בעווין און דער פאליסי פון דער ארבעטער רעגירונג.

## אמעריקאנער אידישער קאנגרעס

אונזערע באציאונגען מיטן אידישן קאנגרעס זיינען געווארן נאך ווייניקער נארמאל און נאך ווייניקער קלאר. די שווערי קייטן זיינען ענטשטאנען צוליב אונ־זער אקטיווער ראלע אין דער צוזאמענרופונג און אין דער ענטשטייאונג פון דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ. דער קאנגרעס האט ארגאניזירט אן אייגענעם בלאק צו די וואלן פון דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ. ער איז פאקטיש דער צווייטער גרעסטער בלאק נאך דעם ציוניסטישן בלאק. ס'איז געווען א מאדנע לאגע. מיר זיינען א טייל פון קאנגרעס. דאס איז דאך דער רעזולטאט פון דער אפשטימונג פון די חברים פון איבערן לאנד אין דעם ערשטן יאר פון דער מלחמה. גייט דער קאנגרעס און ארגאניזירט א בלאק צו דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ און שטעלט ארויס זיין אייגענע וואל־פלאטפארמע, אבער מיר, א באַ־שטאנדטייל פון קאנגרעס, באטייליקן זיך ניט אין קאנגרעס בלאק און גייען מיט אן אייגענער פלאטפארמע. אונזער פלאטפארמע איז געווען די ערטטע פארעפענט־לעכטע דעטאל אויסגעארבעטע וואל פלאטפארמע פון וועלכע ס'איז ריכטונג. אפיציע־על ביי א זיצונג פון קאנגרעס ווען מען איז צוגעטראטן אויסצוארבעטן די קאנ־גרעס פלאטפארמע, האט מען גערעדט וועגן דעם אז אונזער פלאטפארמע דארף דינען און האט טאקע געדינט אויך פאר זיי אלס א באזע. אויף דעם געביט האבן מיר נאך געקענט זיין אינסטרומענטאל. ס'איז לויט דעם באוואוסטן אויסדרוק „נר לאחד נר למאה" (א ליכט קען דינען פאר איינעם און קען דינען הונדערט). די פלאטפארמע פון איין בלאק קען ווערן די פלאטפארמע פון מערערע בלאקס. ס'איז

אבער זייער שווער געווען אין דער גאנצער טעכנישער ארגאניזירונג פונ'ם וואל קאמפיין פאר אונזערע פארטרעטער צו בלייבן אין קאנגרעס, זיך באטייליקן אין אלע קאנגרעס פארהאנדלונגען און צו דער זעלבער צייט זארגן פאר דעם אייגענעם וואל קאמפיין. ניט דער קאנגרעס איז געווען פארינטערעסירט צו פארשווערן די לאגע און צו שטעלן ווען ס'איז אולטימאטומס און ניט מיר זיינען געווען פאר-אינטערעסירט דוקא אין יענעם מאמענט צו מאכן שווער אונזערע באציאונגען מיטן קאנגרעס.

נאך דעם ווי די קאנפערענץ איז זיך שוין צוזאמענגעקומען האבן מיר גע-זוכט באווירקן דעם קאנגרעס, וועלכער האט לויט זיין אייגענער פלאטפארמע גע-דארפט שטיצן אונזערע פאדערונגען פאר אויסברייטערן די קאמפעטענצן פון דער קאנפערענץ און קעגן דער באגרעניצונג פון דער צייט פון איר עקזיסטענץ. ליידער האט דער קאנגרעס פארווארפן זיין אייגענע וואל פלאטפארמע. ער האט צו גלייך מיט אלע אנדערע עלעמענטן אין דער קאנפערענץ באקעמפט אונזער שטעלונג. א סעסיע פונ'ם גרויסן צענטראל קאמיטעט וואס איז זיך צוזאמענגעקומען באלד נאך דער ערשטער סעסיע פון דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ מיט א היבשער באטייליקונג פון חברים פון אויסער ניו יארק, האט נאך א לאנגער דיסקוסיע אפילו שוין געהאט באשלאסן רעקאמענדירן צו דער פארטיי און צו דער גאנצער באוועגונג, מיר זאלן פארלאזן דעם אמעריקאנער אידישן קאנגרעס און זיך נאר קאנצענטרירן אויף אונזער טעטיקייט אין דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ. גלייך האט אבער א צווייטע זיצונג פון דער זעלבער סעסיע פון גרויסן צענטראל קאמיטעט רעקאנסידערט דעם באשלוס און מיר זיינען געבליבן ווייטער אפיציעל אנגעשלאסן אן קאנגרעס. ס'איז געווארן פשוט טעריזענלעך שווער פאר אונזערע פארטרעטער וועלכע האבן איצט געטראגן אויף זיך א גרויסן עול אין דער קאנ-פערענץ, צו פארזעצן זייער ארבעט אינ'ם קאנגרעס. עס זיינען פאקטיש אויינגע-גאנגען נייע פארטרעטער אין די קאנגרעס עקזעקוטיווע ארער דאס האט זיכער ניט געענדערט די לאגע צום בעסערן. ס'איז אונזער פליכט געווי צו פארהאנדלען די דאזיקע פראבלעם. די שוועריקייט באשטייט אין דעם וואס די קאנפערענץ וויל ניט ווערן דאס וואס זי וואלט געדארפט ווערן.

כמעט אלע אויסער אונז אין דער קאנפערענץ באשטייען אויף די באגרענעי־
צונג פון די געביטן פון טעטיקייט, שליסט אין גאנצן אוים די אמעריקאנער
סצענע און באטראכטן זיך נאר אלס א צייטווייליקע קערפערשאפט און מען רעדט
אלץ אין טערמינען פון נאך א יאר אדער צוויי פאר דער צייט וואס עס זיינען אקר־
טועל די אזוי גערופענע שלום אונטערהאנדלונגען. אויב מיר זיינען נישט מצליח
צו ענדערן די לאגע אין דער קאנפערענץ, דאן איז דא פלאץ צו דענקען אז
זייענדיק אין פרינציפ פאר אידישע אייניקייט, פאר כלל ישראל ארבעט און מיט
כלל ישראל, איז דאס „נאענטסטע בעסטע" דער אמעריקאנער אידישער קאנגרעס
וועלכער איז דאך נאך דער קאנפערענץ די גרעסטע קאנצענטראציע פון אידישע
פאלקס כחות. דאס וואלט פאקטיש געדארפט מיינען א באנייאונג פון אונזער פאר־
בינדונג מיטן קאנגרעס, וויל די באציאונגען וואס מיר האבן איצט מיטן קאנ־
גרעס קענען נישט באצייכנט ווערן אלס נארמאלע פארבינדונגען. באנייען מיר
אונזער פארבינדונג איז דאן דא פלאץ און די נויטווענדיקייט צו ארויסקומען
מיט אונזערע פלענער און פאדערונגען וועגן איבערבוי פון קאנגרעס טאקע אויף
אמת געזונטע יסודות סיי אין זיין צוזאמענשטעל סיי אין דעם אופן פון פירן
זיין ארבעט. פארשטייט זיך אז עס קענען אויך זיין איצט אויף דאס ניי געדאנקען
און פלענער, און אזעלכע זיינען טאקע פאראן אין אונזערע רייען, וועגן באטראכ־
טן די מעגלעכקייט פון אונזער אנשלוס אין אידישן ארבעטער קאמיטעט. דאס אלץ
וועט דארפן פארהאנדלט ווערן ביי אונזער איצטיקע פארטיי קאנווענשאן און עס וועט
מוזן ארייגעבראכט ווערן קלארקייט אין דער איצט הערשענדער סיטואציע.

<u>אידישער וועלט קאנגרעס</u>

דורך די מלחמה יארן האט דער וועלט קאנגרעס אנגעהאלטן און האלט נאך
איצט אן זיין הויפט צענטראלע אין ניו יארק. א צאל פון אונזערע סאמע אנ־
געזעענסטע חברים זיינען פאקטיש אין די סאמע אנפירענדסטע פאזיציעס אין דער
הויפט לייטונג פון אידישן וועלט קאנגרעס. גאנץ פארמעל, זייענדיק א טייל פון
דעם אמעריקאנעם אידישן קאנגרעס, זיינען מיר שוין אויך א טייל פון וועלט
קאנגרעס. נאך וויכטיקער איז וואס גאנץ פארמעל איז אונזער וועלט איחוד א
באשטאנדטייל פונ'ם וועלט קאנגרעס און אויך דורך אונזער וועלט פארבינדונג
מיטן אמעריקאנעם קאנגרעס פון איין זייט, און די אומנארמאלע באציאונג און

דאס פעלן פון א קלארע ליניע פון אונזער וועלט איחוד כלפי דעם וועלט קאנ־
גרעס, האבן זיכער געהאט אויך זייער ניט־גינסטיקן איינפלוס אויף דעם צו־
שטאנד פון אונזערע באציאונגען אין אמעריקע מיטן וועלט קאנגרעס, טראץ דעם
וואס ווי שוין געזאגט, א רייע פירענדע חברים זיינען אין די אנפירענדע קרייזן
פון וועלט קאנגרעס, איז אפיציעל די פארבינדונג פון פארטיי מיטן וועלט קאנ־
גרעס געווען זייער א שוואכע און די מעגלעכקייטן פון אונזער אפיציעלער און פלמ
פלאנמעסיקער ווירקונג א גאנץ מינימאלע.

די חברים אין דער לייטונג פון קאנגרעס זיינען ניט געשיקט געווען פונם
צענטראל קאמיטעט. זיי זיינען גאנץ פארמעל ניט אונטערווארפן זיין דיסציפלין.

דער קאנגרעס האט פאררופן צוריק מיט א יאר זיין וועלט קאנפערענץ אין
אטלאנטיק סיטי אין וועלכער מיר האבן זיך גאנץ אקטיוו באטייליקט. עס זיינען
געקומען צו דער קאנפערענץ אנפירענדע פערזאנען פון אונזער באוועגונג פון
אנדערע לענדער. דער צענטראל קאמיטעט האט גענומען די איניציאטיווע און אפ־
געהאלטן דארט א רייע באראטונגען פון אלע אונזערע ציוניסטישע ארבעטער דע־
לעגאטן. עס האט זיך ארויסגעצייגט אז עס הערשט גרויסער מאנגל אין קלארקייט
אין דער שטעלונג פון אונזער אלוועלטלעכן איחוד, פון איינצעלנע לייטענדע פי־
גורן אין אונזער אלוועלטלעכער באוועגונג. דער קאנגרעס האט דאן אנגענומען
א פלאן פון א 10 מיליאן דאלער קאמפיין, פראקלאמירט אים מיט גרויס פייער־
לעכקייט ביי דער צוזאמענקונפט אין אטלאנטיק סיטי און דאן צוליב פארשידענע
סיבות האט די לייטונג פון וועלט קאנגרעס אליין דעם דאזיקן באשלוס ניט פרו־
בירט ערנסט דורכפירן.

עס האבן זיך ארויסגעוויזן די פארשידענע שטעלונגען וואס הערשן אין אונ־
זערע אייגענע רייען צום פארזוך פון וועלט קאנגרעס צו ווערן א פאקטאר אויפן
רעליף געביט אין געגנזאץ אדער פאראלעל צום דזשאינט דיסטריביושאן קאמיטי.

דער וועלט קאנגרעס האט זיכער צו זיין רעקארד אויסערארדנטלעך גרויסע
פארדינסטן אויפן געביט פון פאליטישע רעטונגס טעטיקייט. זאל עס דא געזאגט
ווערן אז ס'איז צום גרעסטן טייל דער פארדינסט פון אונזערע חברים וועלכע
זיינען געשטאנען אין די הויפט פאזיציעס פון וועלט קאנגרעס אין אמעריקע,
וועלכע האבן דערמעגלעכט אזעלכע רעזולטאטן. קאנגרעס ביוראס און קאנגרעס

פארטרעטער אין אײראפא זײנען געווען א גאר וויכטיקער פאקטאר אין פאליטישע
רעטונגס טעטיקײטן אין די פארשידענע לענדער.

דער פארשונגס אינסטיטוט פאר אידישע ענינים וואס איז עטאבלירט געווארן
בײם וועלט קאנגרעס, איז פאקטיש געווארן די צענטראלע אינסטיטוציע פון דעם
כאראקטער אין אידישן לעבן. א וויכטיק קאפיטל איז דער קאפיטל פון וועלט
קאנגרעס פארבינדונגען מיט אונררא און אנדערע ענלעכע קערפערשאפטן וועלכע
זײנען ענטשטאנען אין די לעצטע יאר.

בײ דער לעצטער וועלט קאנפערענץ פון איחוד אין לאנדאן איז אפשר דאס
ערשטע מאל אין אונזער וועלט באוועגונג אפגעגעבן געווארן אזויפיל צײט דער
פראבלעם פון אונזערע באציאונגען מיטן וועלט קאנגרעס. בײ דער דאזיקער קאנ־
פערענץ זײנען ארויסגעבראכט געווארן פארשידענע שטעלונגען וועלכע זײנען פא־
ראן אין אונזער באוועגונג. די דאזיקע שטעלונגען גײען פון דעם עקסטרעם
פון פולשטענדיקער נעגאציע פון דער נויטווענדיקײט און עקזיסטענץ־בארעכטי־
קונג פון אידישן וועלט קאנגרעס ביז דער פולער פאזיטיווער באציאונג און בא־
גײסטערטער אנערקענונג פון דער נויטווענדיקײט פון דער עקזיסטענץ פון קאנ־
גרעס, זײנע אויפטואונגען און דער נויטווענדיקײט פון אונזער פולער אקטיווער
באטײליקונג אין די טעטיקײט פון קאנגרעס.

דער וועלט קאנגרעס איז געקומען צו א פארשטענדיקונג מיט דער אמעריקאנער
אידישע קאנפערענץ און מיט דעם בארד אוו דעפיוטיס אין ענגלאנד וועגן קא־
ארדינירן זײערע טעטיקײטן אויף דעם געביט פון אינטערנאציאנאלע רעפרעזענ־
טאנץ און פונ'ם שוץ פון אידישע רעכט, אין קאמף פאר פארענטפערונג פון
אידישע נויטן דורך פארשידענע קערפערשאפטן פון די פאראײניקטע פעלקער.

דער דאזיקער פאראײניקטער פראנט האט געהאט זײן ווירקונג אין דער סאן
פראנסיסקא קאנפערענץ פון די פאראײניקטע פעלקער און שפעטער בײ אלע ווײטער־
דיקע אינטערנאציאנאלע צוזאמענקונפטן.

מיר ווילן דא דערמאנען אז אין דער דעלעגאציע מצד דער קאנפערענץ האבן
געזאלט אויך זײן די חברים גרינבערג און פײנמאל וועלכע האבן לײדער ניט גע־
קענט צו יענער צײט קומען קײן סאן פראנסיסקא און אין דער דעלעגאציע פון
ציוניסטישן עמערדזשענסי קאמיטי איז געווען מיטבאטײליקט אין נאמען פון דער

פארטיי חבר ווערטהיים וועלבער האט זיין טייל ארבעט הויפטזאכלעך פארבונדן מיט דעם קאנטאקט מיט פארשידענע ארבעטער פארטרעטער וועלכע האבן זיך געפונען צו יענער צייט אין סאן פראנסיסקא.

אין דעם ספעציעלן „אפענדיקס" פאר מאטעריאלן וועט איר געפינען די באשלוסן וועלכע זיינען אנגענומען געווארן אויף אונזער לעצטע וועלט קאנפערענץ אין לאנדאן ארום דעם ענין וועלט קאנגרעס. מיר האבן אבער ליידער נאך גארניט געקראגן פון אונזערע וועלט אינסטאנסן וועגן די ווייטערדיקע ענטוויקלונגען ארום דער טעטיקייט צו רעאליזירן דעם אנגענומענעם באשלוס.

<u>וואר רעפיודזשי באָרד</u>

דורך דער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער וואר רעפיודזשי באָרד איז דער צענטראלער אפיס פון דער פארטיי געשטאנען אין ענגער פארבינדונג מיטן דאזיקן באָרד. ניט נאר האבן מיר געהאט די קאאפעראציע פונ'ם באָרד אין איבערשיקן די מיטלען וועלכע מיר האבן געשאפן אין אונזערע ספעציעלע רעטונגס קאמפיינס, נאר מיר האבן צוגעשטעלט דעם וואר רעפיודזשי באָרד א סך מאטעריאל און אויפקלערונגען צו דעם מאטעריאל וועלכע מיר האבן געקראגן דורך אונזער אונטער־ערדישע באוועגונג און דורך ארץ ישראל. מיר האבן אין אונזערע פיילס פילע דאנק בריוו פונ'ם וואר רעפיודזשי באָרד פאר אונזער קאָאפעראציע. א סך פון אונזערע מאטעריאלן זיינען איינקארפערירט געווארן סיי אין די פארעפנטלעכטע סיי אין די קאנפידענציעלע מאטעריאלן וועלכע עס האט ארויסגעגעבן דער וואר רעפיודזשי באָרד. דער אפיציעלער רעפארט האט דער וואר רעפיודזשי באָרד האט ארויסגעגעבן לעצטן סעפטעמבער ווען ער האט אפגעשלאסן זיין אקטיוויטעט דערמאנט דער פארטיי צווישן דער קליינער צאל הויפט ארגאניזאציעס וועמען דער באָרד גיט זיין אנערקענונג פאר זייער קאאפעראציע.

<u>רעטונג און רעליף אקטיוויטעטן</u>

מיר האבן שוין דערמאנט אין דעם טייל פון באריכט וועגן דער אמעריקאנער אידישער קאנפערענץ אונזערע באמיאונגען אז די אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ זאל איינשליסן די רעטונגס פראבלעמען אין דעם קרייז פון איר טעטיקייט. נאך פאר דעם צוזאמענקומען זיך פון דער קאנפערענץ זיינען געמאכט געווארן א ריי פארזוכן צו ארגאניזירן די אידישע עפנטלעכקייט פאר גרויס־צוגיקע

רעטונגס אקטיוויטעטן. כדאי צו דערמאנען די גרויסע אויפרודערונג וואס האט ארייגעבראכט אין דער אידישער געזעלשאפטלעכקייט דער ארטיקל פון חבר גרינ־בערג אין אידישן קעמפער „באנקראט". עס האט זיך געדאכט אז די אויפרודערונג אין דער אידישער עפענטלעכקייט וועט ברענגען אלס רעזולטאט א פולע קאארדינא־ציע פון אידישע וויכטיקסטע ארגאניזאציעס און קערפערשאפטן און די ארבעט וועט טאקע געפירט ווערן אויף א גרעסערן פארנעם און מיט מער ערנסטקייט. ס'איז געשאפן געווארן פארשידענע פארייניקטע קאמיטעטן. מיר האבן זיך אין די דא־זיקע קאמיטעטן ניט באטייליקט. מיר האבן אומעטום געזוכט אריינצוטראגן גרוי־סע אומרואיקייט וועגן דער לאגע און ברענגען צו מער קאנסטרוקטיווע אנשטרענ־גונגען.

אונזער באשטיין אז די רעטונגס אקטיוויטעטן זאלן איינגעשלאסן ווערן אין דער קאנפערענץ זיינען געווען א רעזולטאט פונ'ם דורכפאל פון אונזערע באַ־מיאונגען אין די אנדערע פרואוון פון אלע סארטן פאראייניקונגען וועלכע זיינען געמאכט געווארן.

מיר אליין פון אונזער זייט האבן די ערשטע צוויי זומערן נאך דער פירא־קיזער קאנווענשאן געפירט ספעציעלע באוועגונגס קאמפיינען כדי צו קענען צו־שטעלן שטיצע אונזער אונטערערדישע באוועגונג און לינדערן די נויט פון די חברים אין די אקופירטע לענדער. מיר האבן ניט געקענט פירן אזעלכע קאמ־פיינען אין דער רעגולערער קאמפיין צייט פון יאר ווייל מיר האבן ניט געקענט שעדיקן די אנדערע קאמפיינען וועלכע האבן פאקטיש אויך איינגעשלאסן יעדער אין זיך רעטונגס און רעליף אקטיוויטעטן, ווי ס'איז דער יונייטעד דזשואיש אפיל, געווערקשאפטן קאמפיין, א.א.וו. די דאזיקע קאמפיינען וועלכע האבן געשאפן לערך צו 50 טויזנט דאלער יעדער קאמפיין, זיינען אנגעפאנגען געווארן אויף דער איניציאטיוו פון א געאייניקטן באוועגונגס קאמיטעט און כאטש די אקטועלע קאמפיין ארבעט איז געפירט געווארן פון יעדן צווייג באזונדער אין קרייז פון זיין מיטגלידשאפט, איז אבער די הויפט קאנטראל און די באשטימונגען וועגן פארטיילן געלדער, א.א.וו. געווען אין די הענט פון א געאייניקטן קאמיטעט וועלכער איז געשאפן געווארן אויף דער איניציאטיוו פון דער פארטיי.

נאך דער קאנפערענץ פון אידישן וועלט קאנגרעס אין אטלאנטיק סיטי,

איז באנײט געװארן בײ אונז די דיסקוסיע װעגן אונזער אלגעמײנע ראלע אין די רעליף טעטיקײט און װעגן אונזערע באציאונגען מיטן דזשאינט. די חברים װעלכע זײנען געקומען פון אײראפא זײנען ניט אין גאנצן געװען אײניק װעגן דער ליניע װאס מיר דארפן אננעמען אין באצוג צום דזשאינט. די מערסטע פון זײ זײנען געװען אויסגעשפראכן געגנעריש צום דזשאינט און זײנע מעטאדן פון אר־בעט. זײ האבן געהאלטן אז דער דזשאינט פארפעמטיקט די העגעמאניע פון די אסימילאטארישע עלעמענטן איבער די שארית הפליטה. מיר דארפן ניט איבער'חזרן די אלע מאמענטן פון קריטיק קעגן דזשאינט װעלכע זײנען שוין באקאנט אין אונזערע רײען. דאגעגן האבן אנדערע, און ספעציעל איז די פאדערונג געקומען פון אונזערע אלװעלטלעכע איחוד אינסטאנסן, געװארנט קעגן א ליניע פון קאמף קעגן דזשאינט. ס'איז באקאנט געװארן אז דער דזשאינט האט דערגרײכט א געװיסע פארשטענדיקונג מיט דער אידישער אגענטור װעגן געמײנזאמער ארבעט אין איס־טאמבול, אין דעם מיטל־מזרח, און ס'זײנען געװען אזעלכע װאס האבן געדענקט אז ס'זײנען פאראן אויסזיכטן פון א פארשטענדיקונג אויף דער גאנצער ליניע.

אויף דער פריװאטער איניציאטיװע פון א פאר חברים איז אפגעהאלטן גע־װארן א בעראטונג פון א צאל געזעלשאפטלעכע טוער און פארשטײער פון דער אידישער פרעסע װאס האט געזאלט אנהויבן א קאמפּאקציע קעגן דעם דזשאינט. עס האט זיך פארשטײט זיך, גערעדט װעגן אויפבויען א נײע אלגעמײנע רעליף ארגאניזאציע, אבער דער טראפ איז בפירוש געשטעלט געװארן אויף דער אונצו־פרידנהײט מיטן דזשאינט און דער נויטװענדיקײט פון א קאמף מיט אים. בײ די צוזאמענקונפטן איז אבער קלאר געװארן אז ניט נאר זײנען בײ אונז אלײן פא־ראן חברים װעלכע זײנען געגן אזא װעג, נאר אז אויך פון די אײנגעלאדענע פארטרעטער פון דער פרעסע און געזעלשאפטלעכע טוער איז געקומען א װאר־נונג אז דער װעג װעט ניט ברענגען קײן רעזולטאטן. מען האט זיך געאײניקט אז מען דארף קודם כל זיך פארבינדן מיטן דזשאינט און איבערגעבן אים די אלע קלאגעס װעלכע זײנען אויסגעהערט געװארן פון די פארטרעטער פון יענער זײט ים און הערן װאס האט דער דזשאינט אויף דעם צו זאגן און צי איז דער דזשאינט גרײט צו ענדערן זײנע װעגן פון הילף און אויך אײנפירן דעמאקראטיע אין זײן אײגענער ארגאניזאציע, אין די פארמע פון צוזאמענשטעלן זײן לײטונג,
א.ד.גל.

דער צענטראל קאמיטעט האט באשטעטיקט די דאזיקע ליניע. ער האט זיך באטייליקט אין דער דעלעגאציע צום דזשאינט, אין אויסארבעטן די מעמאראנדומס, א.א.וו. דער דזשאינט פארשטייט זיך, האט געגעבן זיינע דערקלערונגען איבער די אלע קלאגעס וועלכע זיינען געמאכט געווארן. געווען אזעלכע וועלכע האבן זיך צופרידנגעשטעלט מיט זיינע אויפקלערונגען. אנדערע האבן זיי ניט געוואלט אננעמען. דער דזשאינט האט אויך דערקלערט אז ווייל ער איז נעבויט אויף דעם יסוד כון פארטרעטער פון די קאמיוניטיס אדער וועלפייר פאנדס און וויל זיך שטיצן אויף די קאמפיין טוער און באזירן זיין לייטונג אויף די וועלכע זיינען אקטיוו און שאפן די מיטלען, וועט ער צוציען א צאל יחידים וועלכע זיינען באקאנט אלס פארטרעטער פון ברייטערע קרייזן פון דער אידישער געזעלשאפטלעכקייט. ער האט דערקלערט אז ער קען זיך ניט ווענדן און וועט זיך ניט ווענדן דירעקט צו ארגאניזאציעס, זיי זאלן נאמינירן זייערע פארטרעטער. ווייל דאס איז קעגן זיין גאנצן געבוי. דער דזשאינט האט טאקע פארעפנטלעכט די קאאפטאציע פון אכט יחידים צו זיין בארד או דירעקטארן. עס איז פארשטאנען געווארן אז דער דזשאינט וועט פון די אכט שפעטער צוציען אייניקע צום ענגערן עקזעקוטיוו קאמיטעט פון דזשאינט. צווישן די אכט וועלכע דער דזשאינט האט צוגעצויגן זיינען אויך געווען די דריי חברים גרינבערג, פינסקי און ווערטהיים. חבר גרינבערג האט ניט געזען פאר זיך קיין מעגלעכקייט צוליב פשוט'ע פערזענלעכע סיבות צו נעמען אויף זיך דעם יאך פון דעם נייעם אמט. חבר פינסקי האט נאך א דיסקוסיע אין דער גענעראל עקזעקוטיווע פון פארבאנד וועגן דעם דאזיקן ענין, אויך באשלאסן ניט אנצונעמען, דער צענטראל קאמיטעט פון דער פארטיי האט באשלאסן אז חבר ווערטהיים זאל יא אננעמען. חבר ווערטהיים צוזאמען מיט נאך א צאל פארשטייער פון דער אידישער פרעסע און אנדערע ארגאניזאציעס זיינען געווארן, מיטגלידער פון דירעקטארן בארד פון דזשאינט.

די באנייטע דיסקוסיע אין אונזער באוועגונג האט געבראכט צו דעם אז דער צענטראל קאמיטעט האט באשלאסן צוזאמענצורופן א באוועגונגס קאנווענשאן פון אלע אונזערע ארגאניזאציעס אויף וועלכער עס זאל ענדגילטיק באשלאסן ווערן איבער דער דאזיקער פראבלעם. אזא קאנווענשאן איז אפגעהאלטן געווארן אין ניו יארק אין מאי,1944. דער באזוך איז געווען א גאנץ גרויסער. עס האט

זיך אבער ארויסגעצייגט אז די זעלביקע מיינונגס פארשידנהייטן וועלכע זיינען גע־
ווען אין צענטראל קאמיטעט און אין די אנדערע צענטראלע קערפערשאפטן זיינען
אויך פאראן אין דער גאנצער באוועגונג. די הויפט קאמפס פונקטן זיינען באשטא־
נען אין דעם צי זאלן מיר שאפן א באזונדערע אלגעמיינע רעליף ארגאניזאציע
אדער זיך באגרעניצן נאר צו אן אקטיוויטעט פון הילף פאר אונזער באוועגונג
און דאן צי זאל מען, אויב מען באשליסט צו שאפן אן אלגעמיינע רעליף אר־
גאניזאציע, צולאזן אדער צוציען צו איר אויך די פארשידענע לינקע אדער קא־
מוניסטיש־בעאיינפלוסטע ארגאניזאציעס.

נאך לאנגע היציקע דיסקוסיעס האט די קאנפערענץ אנגענומען א פשרה
פארשלאג וואס האט באשטעטיקט דעם פארשלאג וואס עס האבן געבראכט די צענטראלע
קערפערשאפטן פון דער באוועגונג וועלכע האבן אים אנגענומען מיט א מאיאריטעט
שטימען.

די אנגענומענע רעזאלוציע האט אויסגעדריקט צופרידנהייט מיט דער טע־
טיקייט פון דעם קאמיטעט פון 15 וואס איז געווען צוזאמענגעשטעלט פון א
גלייכער צאל פארטרעטער פון פארטיי, פארבאנד און פיאנערן. ער האט אבער אנער־
קענט זיין ארבעט פאר ניט פארענדיקט. אינסטרואירט פארטזעצן קאנטאקטן און
אונטערהאנדלונגען, ספעציעל די אונטערהאנדלונגען מיט אונזערע וועלט אינס־
טאנצן. ווען דאס אלעס וועט פארענדיקט ווערן וועלן זיי דאן באשליסן וואס זיי וועלן
געפינען פאר נויטיק. זייער באשלוס וועט דארפן ענדגילטיק באשטעטיקט ווערן
אויף א געמיינשאפטלעכער זיצונג פון אלע צענטראלע קערפערשאפטן.

אייניקע חברים פון די וועלכע זיינען געווען געגן דער שאפונג פון אן אל־
געמיינער רעליף ארגאניזאציע האבן געוואלט מ'זאל דורכן זומער ווידער אמאל
פירן אן אקציע אין דער אייגענער באוועגונג פאר הילף צו אונזער באוועגונג
אין די באפרייטע לענדער. צוליב דעם וואס די חברים וועלכע זיינען געווען פאר
אן אלגעמיינער רעליף ארגאניזאציע האבן אויסגעדריקט זייער מיינונג אז אזא
באגרעניצטע אקציע וועט שעדיקן די שאנסן אז די אלוועלטלעכע איחוד קאנפערענץ
זאל באשטעטיקן דעם פלאן פון דער גרינדונג פון אן אלגעמיינע רעליף ארגאני־
זאציע האט מען זיך געאייניקט מ'זאל ניט פירן קיין באוועגונגס אקציע דעם
זומער. ליידער האט נאך דעם די לייטונג פון פארבאנד, אזוי צו זאגן

„יונילאטעראל" יא באשלאסן צוצוטרעטן צו א זומער אקציע פאר דער באוועגונג. דאס האט ארויסגערופן א היבשע ביסל מיספארשטענדניש אין אונזערע רייען און ס'איז ניט געווען קיין קאארדינירטע האנדלונג ווי עס איז געווען אין די אקציעס געפירט אין די פריערדיקע צוויי זומערן.

אויף דער איחוד קאנפערענץ אין לאנדאן איז ליידער דער פונקט ניט פארהאנדלט געווארן. די קאנפערענץ האט אפגעהאלטן אירע זיצונגען אין דער צייט ווען ס'איז פארגעקומען די אלוועלטלעכע ציוניסטישע קאנפערענץ. זי איז געווען באשעפטיקט מיט די פראבלעמען פון ציוניזם, מיט די פראבלעמען פון דער שפאלטונג אין ארץ ישראל, האט געשענקט א סך אויפמערקזאמקייט צו די פראבלעמען פון אידישן וועלט קאנגרעס און האט צו דער פראבלעם פון רעליף טעטיקייטן פון דער אייגענער באוועגונג אין אמעריקע קיין שטעלונג ניט באוויזן צו נעמען. דער סעקרעטאר פון דער פארטיי וועלכער האט אויך באזוכט נאך דער לאנדאנער קאנפערענץ פראנקרייך און וועלכער איז געווען איינער פון די וועלכע האבן באקעמפט דעם פלאן פון שאפן א נייע אלגעמיינע רעליף ארגאניזאציע, האט באריכטעט צום צענטראל קאמיטעט אז פון זיינע אייגענע באאבאכטונגען און פון זיינע געשפרעכן מיט חברים האט ער זיך פערזענלעך איבערציינגט אז עס איז א גרויסע נויטווענדיקייט אז אין צוגאב צו די רעליף מיטלען וועלכע ווערן צוגעשטעלט פונ'ם דזשאינט, זאלן מיר מאכן יעדע אנשטרענגונג צו העלפן אונזער אייגענע באוועגונג אין אירע נויטן און אין אירע רעליף טעטיקייטן וועלכע זי דארף פירן אין די לענדער וואו זי באנייט אירע אקטיוויטעטן. נאך פארשידענע אונטערהאנדלונגען איז מען געקומען צו אן איינקייט אין צענטראל קאמיטעט און אין אלע צענטראלע קערפערשאפטן און מיר האבן איצט שוין עטאבלירט א רעליף קערפערשאפט פון אונזער אייגענער באוועגונג אויף צו שטיצן אונזער אייגענע באוועגונג פון יענער זייט ים און דערמעגלעכן איר אנצופירן איר נויטיקע רעליף ארבעט, אין די באפרייטע לענדער.

עס ווערט איצט איינגעשטעלט דער אפאראט פאר דער דאזיקער טעטיקייט און די באוועגונג וועט אין דער נאענטער צוקונפט קריגן גענויע מעלדונגען און דירעקטיוון וועגן אונזער רעליף ארבעט פון דער ניי געגרינדעטער קערפערשאפט.

## ציוניסטישע וועלט קאנפערענץ אין לאנדאן

צו דער ציוניסטישער וועלט קאנפערענץ אין לאנדאן פון לעצטן זומער
זיינען איינגעלאדן געווארן דעלעגאציעס פון פארשידענע לענדער. אין אמעריקע
איז די דעלעגאציע צוזאמענגעשטעלט געווארן פונ'ם ציוניסטישן עמערדזשענסי
קאונסיל. מיר האבן זיך אין דער דאזיקער דעלעגאציע אפיציעל באטייליקט דורך
די חברים צוקערמאן און ווערטהיים. חבר טארטאקאווער איז דערוויילט געווארן אלס
איינער פון דער דעלעגאציע פון דריי פון די מיטגלידער פון ציוניסטישן אקציא-
אנס קאמיטעט וועלכע געפינען זיך אין אמעריקע. ווען מען האט אין לאנדאן פאר-
גרעסערט די פארטרעטערשאפט פון אמעריקע, איז אויך חבר דר. קובאוויצקי דעי-
זיגנירט געווארן אלס מיטגליד פון אונזער אמעריקאנער דעלעגאציע צו דער קאנ-
פערענץ. אין דער דעלעגאציע פון קאנאדע איז געווען איינגעשלאסן אונזער חבר
משה דיקשטיין. מיר דארפן ניט איבער'חזר'ן דא וואס מיר האבן באריכטעט וועגן
דער קאנפערענץ אין א באזונדער צושריפט צו די חברים איבערן לאנד. אונ-
זערע דעלעגאטן האבן אויך באזוכט כמעט אלע פונקטן אונזערע (אויסער ביים
פאסיפיק) און אומעטום באריכטעט איבער דער קאנפערענץ און די רעזולטאטן.

## איחוד וועלט קאנפערענץ אין לאנדאן

ווי שוין דערמאנט איז צו דער זעלבער צייט אויך פארגעקומען די איחוד
וועלט קאנפערענץ. מיר האבן שוין דערמאנט וועלכע פונקטן עס האבן הויפטזאכלעך
פארנומען די אויפמערקזאמקייט פון דער קאנפערענץ. עס איז זעלבסט-פארשטענד-
לעך אז די אחריות'דיקע ראלע וועלכע די ארבעטערשאפט שפילט אין דער ציוניס-
טישער באוועגונג האט געמאכט נויטיק אז אונזער איחוד וועלט קאנפערענץ זאל
צוגרייטן די נויטיקע רעזאלוציעס און פאקטיש אנצייכענען דעם פלאן פון דער אר-
בעט פון דער ציוניסטישער וועלט קאנפערענץ. מיר האבן געמאלדן אונזערע פא-
רייען וועגן דעם רעזולטאט פון די פארהאנדלונגען איבער דער טראגישער שפאל-
טונג פון דער פארטיי אין ארץ ישראל. ווי באקאנט האט געזאלט א דעלעגאציע
אין וועלכע ס'איז אויך איינגעשלאסן געווען אונזער חבר צוקערמאן, אפפארן קיין
ארץ ישראל נאך אין נאוועמבער און מאכן אלע באמיאונגען פאר א ווידער פא-
ריייניקונג. ליידער האט נאך די דעלעגאציע ניט באוויזן צו פארן קיין ארץ יש-
ראל. אונזער וועלט צענטראלע האט איצט פארעפענטלעכט א רוף צו א וועלט

באראטונג אין ארץ ישראל פאר דעם 20טן אפריל און דריקט אויס די האפענונג אז צו יענער צייט וועט די דעלעגאציע שוין זיין אין ארץ ישראל און קענען דערפאלגרייך דורכפירן איר מיסיע.

אויף אונזער וועלט קאנפערענץ זיינען אויסגעהערט געווארן באריכטן פון די דעלעגאטן פון אלע לענדער און מיר האבן דארט אויך איבערגעגעבן א באריכט וועגן אונזער ארבעט אין אמעריקע. די קאנפערענץ האט זייער א סך אויפמערק-זאמקייט געשענקט דער לאגע אין אמעריקע. אויסער דעם אלגעמיינעם אינטערעס אין דער באוועגונג אין אמעריקע איז ספעציעל אינטערעס געשענקט געווארן דער פראבלעם פון קומענדן ציוניסטישן קאנגרעס. ס'איז קלאר געווארן אז דער ערשטער נאך-מלחמה ציוניסטישער קאנגרעס וועט זיכער אפגעהאלטן ווערן דעם קו-מענדן זומער. די קאנפערענץ האט אויסגעדריקט איר פאדערונג און פארלאנג אז די ציוניסטישע ארבעטער באוועגונג אין דעם גרויסן אידישן אמעריקע זאל מאכן די גרעסטע אנשטרענגונג דעם יאר. מ'האט גערעדט פון דער נויטווענדיקייט צו פארשפרייטן 300 טויזנט שקלים דורך דער ציוניסטישער ארבעטערשאפט און קו-מען צום ציוניסטישן קאנגרעס מיט א גרויסער ציוניסטישער ארבעטער דעלעגא-ציע פון אמעריקע. מיר האבן זיך פארשטענדיקט וועגן א גרויסער דעלעגאציע פון אונזער באוועגונג אין ארץ ישראל וועלכע זאל ספעציעל קומען קיין אמערי-קע און אונז העלפן אין דער גרויסער ארבעט. די חברים זיינען באקאנט מיטן באשלוס פון צענטראל קאמיטעט אז סוף פעברואר, אנהויב מערץ זאל מען אפהאלטן א גרויסע באוועגונגס קאנווענשאן וועגן דער שקל אקציע. מיר דערווארטן אז צו יענער צייט וועלן מיר שוין האבן מיט אונז אויך די דעלעגאציע פון ארץ יש-ראל. דער נייער צענטראל קאמיטעט וועט דארפן גלייך נאך דער קאנווענשאן זיך נעמען צו די פארבארייטונגען פאר דער דאזיקער באוועגונגס קאנווענשאן.

## אונזערע פארבינדונגען מיט ארבעטער ארגאניזאציעס

**לייבאר און ליבעראלע פארטיי אין ניו יארק**

זייט אונזער קאנווענשאן אין סיראקיוז איז פארגעקו-מען די שפאלטונג פון דער לייבאר פארטיי אין ניו יארק. מיר האבן באריכטעט ביי דער סיראקיוזער קאנווענשאן וועגן אונזערע פאר-בינדונגען מיט דער לייבאר פארטיי. ווען ס'איז געשען די שפאלטונג האט דער צענטראל קאמיטעט ביי מערערע זיצונגען באהאנדלט די דאזיקע פראבלעם. די

אידישע ארבעטער באוועגונג מיט וועלכע מיר האבן געווינטע קאנטאקטן און פארבינ-
דונגען איז ווי באוואוסט אויך געווען צוטיילט. די אמאלגאמירטע מיט דער לייבאר
פארטיי. די אינטערנעשאנעל און אנדערע מיט דער ניי געגרינדעטער ליבעראלער
פארטיי. דער צענטראל קאמיטעט האט באשלאסן ניט מאכן קיין אפיציעלע פארבינ-
דונג מיט קיין איינער פון די צוויי פארטייען. זיין באשלוס איז געווען אז חברים
אין ניו יארק סטאט זאלן שטימען פאר רוזוועלט'ן און די „ניו דיעל" קאנדי-
דאטן אויף איינעם פון די צוויי ארבעטער טיקעטס - לייבאר פארטיי אדער ליבעראלע
פארטיי. דער צענטראל קאמיטעט האט פארורפן א ספעציעלע קאנפערענץ פון פאר-
טרעטער פון די פארטיי פאריינען אין ניו יארק סטאט וועלכע האט באשטעטיקט
דעם באשלוס פונ'ם צענטראל קאמיטעט. מיר האבן גענוי געמאלדן וועגן דער דא-
זיקער סיטואציע און וועגן די באשלוסן סיי אין קעמפער סיי דורך צושריפטן צו
די פאריינען איבערן לאנד. קיין פאריין האט ניט אויסגעזעצט קעגן די באשלוסן
וואס זיינען דאן געפאסט געווארן פון צענטראל קאמיטעט און פון דער ספעציעלער
ניו יארקער סטייט קאנפערענץ. פאר אונזער ארבעט איבערן לאנד האט צענטראל
קאמיטעט באשלאסן אז מיר פארבינדן זיך און קאארדינירן אונזער ארבעט מיט
דער „פאליטיקאל עקשאנס קאמיטי" וואס איז געשאפן געווארן פון דער סי-איי-א.
מיר האבן זיך אפיציעל פארבונדן מיט דער דאזיקער פאליטיקעל עקשאנס קאמי-
טי און אין כמעט אלע אונזערע שטעט האבן די פארטיי פאריינען אקטיוו מיטגע-
ארבעט אין דער דאזיקער קאמיטי.

**אידישער ארבעטער קאמיטעט.**

קיינע ענדערונגען אין אונזערע באציאונגען מיטן אידישן
ארבעטער קאמיטעט זיינען ניט פארגעקומען פאר דער צייט
זינט דער סיראקיוזער קאנווענשאן. מיר זיינען געווען אינסטרומענטאל אין דעם
באשלוס פון דעם פארבארייטונגס קאמיטעט פאר דער אמעריקאנער אידישער קאנ-
פערענץ, צוצולאזן צו דער קאנפערענץ דעם ארבעטער קאמיטעט דורך א ספעציעלער
פארטרעטערשאפט, כאטש ער האט זיך ניט באטייליקט אין די וואלן צו דער קאנפע-
רענץ. קיין גרויס נחת האט די דאזיקע באטייליקונג לײדער ניט געבראכט. דער
ארבעטער קאמיטעט איז ווי באקאנט שפעטער ארויס פון דער אמעריקאנער אידישער
קאנפערענץ. די חברים זיינען באקאנט מיט דעם טומעל וואס עס האט ארויסגערופן
אין אונזערע רייען דער ענין פון דער ארויסטרעטונג פון וויליאם גרין אויף

אן עפענטלעכע פארזאמלונג אין ניו יארק און די ענדערונג וואס איז אריינגע־
בראכט געווארן אין דעם טעקסט פון זיין רעדע. דער דאזיקער ענין האט א ביסל
פארשארפט די באציאונגען. מ'קען אבער אין אלגעמיין זאגן אז סיי דער ארבע־
טער קאמיטעט און סיי מיר באמיען זיך אויסצומיידן ספעציעל אומנויטיקע ריי־
בונגען און קריגערייען.

<u>לינקע ארגאניזאציעס:</u> פאר די לעצטע יארן האט דער צענטראל קאמיטעט מע־
רערע מאל געהאט אויף זיין טאג ארדנונג די פראבלעם פון יא אדער ניט קא־
אפעראציע מיט די לינקע און קאמוניסטיש בעאיינפלוסטע ארגאניזאציעס. דאס
ערשטע מאל איז די פראבלעם ארויפגעקומען אין דער צייט פון דער ערשטער סע־
סיע פון דער אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ. ארגאניזאציעס ווי דער אינטערנא־
ציאנאלער ארבעטער ארדן, דער אידישער פאלקס קאמיטעט (וועלכער האט זיך אין
די לעצטע טעג אין גאנצן אויפגעלייזט), האבן געוואלט צוגעלאזן ווערן צו דער
אידישער קאנפערענץ. אונזער פארטיי איז געווען אין יענער צייט פאקטיש די
וועלכע האט גורם געווען צו דעם אז מ'זאל זיי ניט צולאזן. ווען מ'האט צוגע־
לאזן די ספעציעלע פארטרעטערשאפט פון ארבעטער קאמיטעט איז דאס געווען פאק־
טיש א טייל פון פארשטענדיקונג מיטן ארבעטער קאמיטעט. עס האט זיך איינגעגעבן
ביי דער סעסיע אליין אז די ספעציעלע מאכטפולע דזשענעראל קאמיטי זאל אפווארפן
זייער אפליקאציע.

צו דער צווייטער סעסיע וואס איז פארגעקומען לעצטן יאר אין פיטסבורג,
איז די לאגע געווארן נאך מער קאמפליצירט. עס זיינען געשען ענדערונגען אין
דער באציאונג צו די קאמוניסטן אין ארץ ישראל. דער אידישער וועלט קאנגרעס
האט געשאפן א פארשטענדיקונג מיט דעם אנטי־פאשיסטישן קאמיטעט אין מאסקווע
און אנערקענט דעם שרייבער קאמיטעט אין אמעריקע אלס דעם פארטרעטער פון
אנטי־פאשיסטישן קאמיטעט. עס האט זיך געענדערט די שטימונג אין די רייען
פון דער קאנפערענץ אליין ספעציעל ווען דער ארבעטער קאמיטעט האט נאך דער
ערשטער סעסיע געמאלדן וועגן זיין באגרעניצטער פארבינדונג מיט דער קאנפערענץ.

דער צענטראל קאמיטעט איז געווען צוטיילט אין דער פראגע פון דער בא־
ציאונג צו די קאמוניסטן. צו דער צייט פון דער סעסיע אין פיטסבורג איז
דער ענין געשטעלט געווארן לויטן באשלוס פון אונזערע צענטראלע קערפערשאפטן

צו דער פארהאנדלונג פון אונזער געאייניקטן ציוניסטישן ארבעטער בלאק. עס האט זיך ארויסגעוויזן אז פונקט ווי דער צענטראל קאמיטעט איז צוטיילט, אזוי איז אויך צוטיילט אונזער באוועגונג איבערן לאנד. דער בלאק איז פאקטיש געווען צוטיילט גלייך אויף גלייך, איין העלפט פאר צולאזן, דער צווייטער געגן. מיר האבן ניט געזען די מעגלעכקייט צו דערלויבן פרייהייט פון האנדלונג צו אונזערע דעלעגאטן. מיר האבן זיך געאייניקט אויף א באשלוס אז אונזער פראקציע זאל ניט שטימען אין דער דאזיקער פראגע. ווי באוואוסט האט די קאנפערענץ מיט כמעט אלע שטימען קעגן א קליינע גרופע וואס איז הויפטזאכלעך דעפרעזענטירט געווארן דורך די ארגאניזאציע פון די מלחמה וועטעראנען געווען פאר צולאזן די קאמוניסטן. זיי זיינען אויך פאר דעם אויך צוגעלאזן געווארן צו דער עקזעקוטיווע פון דעם אמעריקאנעם אידישן קאנגרעס. דארט איז דאס געמאכט געווארן אויפן יסוד פון א באשלוס פון דער קאנגרעס עקזעקוטיווע אליין.

לעצטן יאר האבן די יוניאנס וועלכע שטייען אונטער לינקע איינפלוס ארגאניזירט א ספעציעלן טרייד יוניאן קאמיטעט פאר אידישער אייניקייט. ס'איז געזוכט געווארן אונזער קאאפעראציע. מיר, פארשטייט זיך, האבן גאנץ קלאר דערקלערט אז מיר קאאפערירן מיט דעם טרייד יוניאן קאמיטעט פאר ארץ ישראל וועגן וועלכן מיר האבן שוין פריער גערעדט. דער טרייד יוניאן קאמיטעט פון די לינקע ארגאניזאציעס האלט אן א געוויסע פארבינדונג מיט דער אמעריקאנער אידישער קאנפערענץ. גיט ארויס פון צייט צו צייט סטייטמענטס פאר ארץ ישראל. זיי האבן געהאט בעאבאכטער אין סאן פראנסיסקא ביי דער גרינדונג פון דער יונייטעד נייטאנס (בעאבאכטער אויף א פריוואטן אופן, אן קיין שום אפיציעלע אנערקענונג). מען דארף אנערקענען אז די דאזיקע בעאבאכטער האבן זייער פיין קאאפערירט מיט דער ציוניסטישער פארטרעטערשאפט, ארגאניזירנדיק א צוזאמענקונפט פון א צאל ארבעטער פארטרעטער אין פארשידענע רעגירונגס דעלעגאציעס וועלכע זיינען באקאנט געווארן מיט אונזער פראבלעם.

מיר האבן זיך נוהג געווען אז פון אלע לינקע ארגאניזאציעס האבן מיר ספעציעל אויסגעטיילט לעגיטימע טרייד יוניאנס און מיט זיי האבן מיר זיך דערלויבט א געוויסע פארבינדונג וועלכע האט זיך אויסגעדריקט פון זיך ניט אפזאגן צו דערשיינען פאר זייער מיטגלידשאפט ווען מיר זיינען איינגעלאדן געווארן

צו אזעלכע ארויסטרעטונגען. די מיטגלידער פון דער פארטיי ליטונג זיינען דער־
שינען פאר אזעלכע טרייד יוניאנס ווען זיי זיינען איינגעלאדן צו רעדן פאר זיי
וועגן אידישע און ציוניסטישע פראבלעמען.

<u>ארץ ישראל פאנד טעטיקייט</u>

מיר האבן ליידער איצט ניט די טעכנישע מעגלעכקייט זיך אריינצולאזן אין
אן אויספירלעכן באריכט איבער אונזער ארבעט און ראלע אין יעדן פאנד באַ־
זונדער. האפענטלעך וועט דאס דארפן געטאן ווערן ברייטער אין דעם מינדלעכן
צוגאב פון פארטיי סעקרעטאר. מיר וועלן דערפאר דא נאר אין קורצן זיך אפ־
שטעלן אויף די הויפט פראבלעמען און וועלכע מיר האבן זיך אנגעשלאגן דורך
דער צייט פון דער לעצטער קאנווענשאן.

<u>יונייטעד פאלעסטיין אפיל</u> די פארבינדונג פונ'ם יו־פי־איי מיטן דזשאינט
און נעשאנעל רעפיודזשי סערוויס און די ארגאַ־
ניזירונג פון זייער קאמפיין טעטיקייט אין א יונייטעד דזשואיש אפיל איז אנגע־
האלטן געווארן אין די לעצטע דריי יאר. לעצטן יאר איז מען דורכגעגאנגען א
שארפן קריזיס ווען עס האט געהאלטן ביי א צוטיילונג צווישן יו־פי־איי און
דזשאינט. דער צענטראל קאמיטעט האט געשטיצט דעם פלאן פון א באזונדערן יו־
פי־איי קאמפיין. מיר האבן געהאלטן אז דער ציוניזם אין ארץ ישראל וועט פון
אזא באזונדערן קאמפיין געווינען סיי מאראליש סיי מאטעריאל. אונזערע באשלוסן
זיינען געווען אויך אין אנקלאנג מיט דעם ווילן פון די לייטנדע אלוועלטלעכע
ציוניסטישע קערפערשאפטן. ליידער אבער איז דאס ניט געווען דאס ערשטע מאל
וואס ציוניסטישע פירער פון אנדערע שאטירונגען ציען זיך צוריק פון אן אנגע־
נומענעם פלאן, שטעלן צוריק איין די קאמפיין שותפות. מאנכע פון אונז האבן
געהאט דעם געפיל אז עס וואלט שוין געווען בעסער ווען מ'בויפט ניט אן דעם
פלאן פון צוטיילונג ווייל עס האט יעדן מאל געבראכט צו אומזיסטע הוצאות ווען
מען האט שוין איינגעשטעלט א באזונדערן קאמפיין אפעראט און דאן ווידער אמאל
דורכגעפירט א פאראייניקונג.

<u>קרן היסוד</u> דער קרן היסוד וועלכער האלט אן זיין באזונדער עקזיסטענץ באטש
ער פירט ניט קיין באזונדערע קאמפיין טעטיקייט אין אמעריקע, האט, ווי מיר וועלן
זיך דערינערן, פונקט צו דער צייט פון אונזער סיראקיוזער קאנווענשאן פירגע־

נומען שרים זיך צו אינקארפארירן אין אמעריקע אלס א שטענדיקע קערפערשאפט מיט א באָרד און דירעקטארן. די כונה צו יענער צייט איז געווען אין גאנצן אויסצושאלטן די אנדערע פארטייען און איבערלאזן די גאנצע פארוואלטונג צום קרן היסוד אין די הענט פון די אלגעמיינע ציוניסטן. נעמענדיק אין אכט אז פאקטיש איז דער קרן היסוד א האלבער בעל הבית פון יו־פי־איי האבן מיר פארשטייט זיך אין דעם געזען גרויסע געפארן. דער צענטראל קאמיטעט האט נאך דער סיראקיוזער קאנווענשאן געפירט א ביטערן קאמף קעגן די טענדענצן פון זעלבסט הערשונג פון די אלגעמיינע ציוניסטן און נאך לאנגע דיסקוסיעס און פארהאנדלונגען איז געשאפן געווארן דער דירעקטארן באָרד וועלכע ענטהאלט טא־קע א מערהייט אלגעמיינע ציוניסטן אבער צווישן די 100 דירעקטארן זיינען אויך דא 12 פארטרעטער פון אונזער פארטיי און 11 מזרחי און 10 פון הדסה. דער צענטראל קאמיטעט האט אין דער פארטרעטערשאפט פון קרן היסוד איינגעשלאסן א מאיאריטעט פון חברים אויסערן צענטראל קאמיטעט, אבער מיר מוזן אונטער־שטרייכן אז אין פאל פון קרן היסוד ליידן מיר נאך מער ווי מיט אנדערע פאר־טרעטערשאפטן פון דעם וואס חברים וועלכע ווערן דעזיגנירט אלס פארטרעטער באַ־זוכן ניט די מיטינגען, אפילו ווען די צאל פון די מיטינגען דורכן יאר איז גארניט אזא גרויסע. ביי די קרן היסוד מיטינגען וואו עס ווערן אפט אויפגענו־מען זייער וויכטיקע פראגן האט זיך שוין מער ווי איינמאל געטראפן אז עס זאל אין גאנצן זיין ניט מער ווי איינער פון די 12 און מערסטענסמאל זאל דאס זיין דער סעקרעטאר אליין.

<u>קרן קימת</u> אינ'ם נאציאנאל פאנד איז די מיטבאטייליקונג פון שטאנדפונקט פון פארטרעטערשאפט געבליבן אונגעענדערט. די פראקטישע דערגרייכונגען פון אונזער באוועגונג, צום גרעסטן טייל א דאנק פון עקזיסטענץ פון ארבעטער דע־פארטמענט, וואקסט פון יאר צו יאר. מיר האפן נאך צוצושטעלן צו דער קאנ־ווענשאן באזונדערע ציפערן פאר די רעזולטאטן פון די לעצטע יארן. פון די רעזולטאטן איז צו זען אז דער גרעסטער צווייג פון אונזער באוועגונג, דער נאציאנאלער ארבעטער פארבאנד, שטייט אויפן ערשטן פלאץ מיט זיינע דערגריי־כונגען, די פיאנערן אויפן צווייטן פלאץ, אבער אויך די פארטיי וואס קומט אויפן דריטן פלאץ האט זייער פיין פארגרעסערט פון יאר צו יאר אירע רעזולטאטן און

עס צייכנט זיך אויך אוים די יוגנט. לעצטענס איז ענטשטאנען נאר א פראבלעם אין די נאציאנאל פאנד אדמיניסטראציע צוליב דער פאדערונג פון הדסה וואס וויל א פארגרעסערונג פון איר פארטרעטערשאפט. דער שטאנדפונקט פון צענטראל קאמיטעט איז געווען אז ס'איז ניטא קיין יסוד צו ענדערן די פראפארציע פון דער פארטרעטערשאפט צו גונסטן פון דער אלגעמיין ציוניסטישער ריכטונג. אונזער ביטראג צום נאציאנאל פאנד האט געוואקסן אין א גרעסערע פראפארציע ווי די דערגרייכונגען פון אנדערע ריכטונגען. די דיסקוסיעס און פארהאנדלונגען ארום דער פאדערונג פון הדסה זיינען נאך ניט פארענדיקט.

<u>געווערקשאפטן קאמפיין</u> וועגן געווערקשאפטן קאמפיין איז איבעריק צו אינפארמירן אונזערע חברים דעלעגאטן. די פארטיי איז זעלבסט פארשטענדלעך זייער אקטיוו באטייליקט אין די טעטיקייט פון געווערקשאפטן קאמפיין, איז געווען זייער גוט פארטראטן ביי דער קאנווענשאן פון געווערקשאפטן קאמפיין, די אויסערארדנטלעך גוטע דערגרייכונגען אויפן געביט פון געווערקשאפטן קאמפיין זיינען געווען פארעפענטלעכט אין קעמפער. און מיר האפן נאך צו האבן א באזונדער צוגאב צום באריכט וועגן די פראקטישע דערגרייכונגען פון געווערקשאפטן קאמפיין פארן לעצטן יאר און זיינע אויסזיכטן אין דעם איצטיקן ארבעטס יאר.

<u>ש ק ל י ם</u>

אונז האט זיך נאך ניט איינגעגעבן אוועקצושטעלן די שקל ארבעט לוים די געזעצן וועלכע זיינען איינגעפירט געווארן אין דער ציוניסטישער וועלט ארגאניזאציע. אונזער באגער נאכצוקומען דעם בוכשטאב און גייסט פון געזעץ מעג אויך פארערכנט ווערן צווישן די מלחמה קרבנות. מיר האבן פראקלאמירט דעם שקל קאמפיין יעדן יאר, אבער די באוועגונג האט דורך די מלחמה יארן ניט באוויזן זיך אפגעוואוינען פון דער פאלשער איינשטעלונג אז דער שקל האט נאר א זין ווען ער האט טאקע זיין דירעקטע פארבינדונג מיט פארטרעטערשאפט צום ציוניסטישן קאנגרעס. א קליינער שריט פארווערטס איז דאך דערגרייכט געווארן לעצטן יאר ווען מיר האבן דערגרייכט איבער 20 טויזנט שקלים. מיר האבן שוין גערעדט אין אנאנדער רובריק וועגן דער נויטווענדיקייט און די דערווארטונגען פאר דעם איצטיקן יאר וועלכער וועט זיכער זיין א קאנגרעס יאר. מיר וועלן מוזן מאכן אנשטרענגונגען אז ווען מיר וועלן איצט, ווי מיר האפן, זיין דערפאלגרייך אין דער

גרויסער שקל אקציע, וועלן מיר באמת גיין אין די שריט פון ארץ ישראל ווי עס ווערט דערגרייכט כמעט די זעלבע דערגרייכונגען אויפן שקל געביט אויך אין דעם ניט־קאנגרעס יאר.

ארגאניזאציע

אזוי ווי וועגן ארגאניזאציע האבן מיר באזונדערע רעפעראטן און די רע־פעראטן וועלן זיך שטיצן אדער באזירן זייערע אויספירונגען אויף אונזער אר־גאניזאציאנעלן צושטאנד ביז איצט, אונזערע דערפאלגן און מים־דערפאלגן, וועלן מיר זיך אין דעם שריפטלעכן באריכט ניט אפשטעלן אויספירלעך אויף אלע פאזן פון אונזער ארגאניזאציאנס טעטיקייט. מיר ווילן נאר אנווייזן אויף דעם אז ביי דער סיראקיוזער קאנווענשאן האבן מיר געהאט פאר זיך די פראבלעם פון דעם שווערן פינאנציעלן צושטאנד און דעפיציט וועלכער האט אונמעגלעך געמאכט דורכצופירן אלע אונזערע פלענער וועגן ארגאניזאציע ווי אנשטעלן רייזענדע אר־גאניזאטארן, שטיצן אונזערע פארטיי פאריינען אויף די ערטער וואו נויטיק כדי איינצושטעלן נויטיקע לאקאלע ארגאניזאציאנס אפעראטן, א.א.וו. אונז האט זיך איינגעגעבן דעם ערשטן יאר נאך סיראקיוז צו פארבעסערן דעם פינאנציעלן צו־שטאנד, וואס האט טאקע דערמעגלעכט אז די לעצטע צוויי יאר פון דער נאך־קאנ־ווענשאן פעריאדע זאל אונז ברענגען אויך באדייטענדע געווינסן אויפן ארגאני־זאציאנס געביט. בשעת דער באריכט ווערט געשריבן האבן מיר נאך ניט די גע־נויע ציפערן פון אונזער דיוס אקאונט. מיר וועלן דאס מוזן מאכן אין א באַ־זונדער ביילאגע וועלכע וועט זיין פארטיק צו דער קאנווענשאן. מיר ווייסן אבער שוין אז מיר האבן לעצטן יאר פאקטיש פארדאפלט די רעזולטאטן פון אונזער דיוס איינקונפט און דאס איז נים געשען נאר צוליב דעם בעסערן סיסטעם פון איינמאנען באטש אויך אויף דעם געביט האבן מיר פיל פראגרעסירט, נאר ס'איז געשען אויך הויפטזאכלעך צוליב דעם וואוקס פון אונזער מיטגלידשאפט. צו דער זיצונג פון גרויסן צענטראל קאמיטעט אין יולי 1945, האבן מיר באריכטעט אז מיר האבן 3600 דיוס צאלענדע מיטגלידער אין דער פארטיי. מיר וועלן זיכער קענען אן צווייפל אנווייזן אין אונזער באריכט צו דער קאנווענשאן א צאל פון איבער 4000. דער דאזיקער סך הכל קען אונז זיכער ניט שטעלן צופרידן. ס'איז אבער דאך פאקטיש א דאפעלטע צאל ווי מיר האבן געהאט אין סיראקיוז. מיר

שטעלן צו א באזונדער באריכט פון אונזער ענגליש רעדענדער סעקציע. דער אד־מיניסטראטיווער קאמיטעט פאר דער ענגלישער סעקציע וועלכער האט אנגעהויבן צו פונקציאנירן גלייך נאך אונזער פילאדעלפיער פארטיי ראט, האט נאך ניט געהאט די געלעגנהייט סיי צוליב דעם וואס ער האט ניט געהאט קיין סעקרעטאר אין דעם ערשטן יאר פון זיין עקזיסטענץ, ווי אויך צוליב דער מלחמה צושטאנד, זיך צו אנטוויקלען ווי געהעריק. דער אנהויב פון וואוקס פאלט צוזאמען מיט דער ענדע פון דער מלחמה ווען אונז האט זיך איינגעגעבן צו קריגן א סעקרעטאר פאר דער ענגליש רעדענדער סעקציע.

דער צענטראל קאמיטעט האט מיטגעהאלפן יעדע שטאט וועלכע האט נאך דעם ווי דער צענטראלער אפיס האט געוועקט דעם אינטערעס צו ארגאניזאציאנס וואוקס, האט זיך טאקע ערנסט גענומען צו דער ארבעט. אונז האט זיך איינגעגעבן צו־צוציען צו אונזער ארגאניזאציאנס ארבעט פאר געוויסע פעריאדן, חבר בארמאק וועלכער האט געטאן וויכטיקע ארגאניזאציאנס ארבעט אין פילאדעלפיע, באלטי־מאר און וואשינגטאן. חבר דר. רודאלף גלאנץ איז געווען אין באסטאן און שיקאגא; מיר מאכן איצט באמיאונגען צו עטאבלירן א ספעציעלן פונקציאנירנ־דען אפאראט פאר פארטיי ארבעט אין לאס אנזשעלעס און ביים פאסיפיק. חבר באר־מאק איז איצט דארט און טוט שוין וויכטיקע ארבעט און מיר האפן אז ס'וועט זיך איינגעבן אים אויף א פערמאנענטן און פראפעסיאנעלן אופן פארבינדן מיט אונזער פארטיי ארבעט ביים פאסיפיק קאוסט וואו ס'זיינען פאראן גאר גרויסע מעגלעכקייטן פארן וואוקס פון דער פארטיי.

דער עקזעקוטיוו סטעף פון דער פארטיי וועלכער איז באשטאנען אויסער פון נאציאנאלן סעקרעטאר, חבר ווערטהיים, פון די חברים באומגאלד, סאקאל, רובינ־שטיין, האט פאקטיש אזוי פארטיילט די ארבעט, אז אויסער דער דירעקטער ארבעט פאר וועלכער יעדער איינער איז פאראנטווארטלעך (חבר ווערטהיים אלס נאציאנאלער סעקרעטאר וואס האט אויסער דעם אלגעמיינעם קאנטראל די זארג פאר אונזערע פא־ליטישע און געזעלשאפטלעכע טעטיקייטן, חבר באומגאלד אלס געהילפס סעקרעטאר און ספעציעלע ליטונג פון דער ארבעט פון ציוניסטישן ארבעטער פאנד, חבר סאקאל פון ארגאניזאציאנס און דיוס דעפארטמענט, חבר רובינשטיין דעם שרון פארלאג, און ספעציעלע ארבעטן ווי פאר א צייט דער ניו יארקער שטאט קאמיטעט,

לעצטן יאר ווען מיר האבן ניט געהאט קיין סעקרעטאר פאר דער ענגליש רעדענדע סעקציע, די פראקטישע ארבעט אין דער לייטונג פון די ארבעטן פון אדמיניס־טראטיוון קאמיטעט, די שקלים אקציע, א.ד.גל.) האט יעדער פון די פיר גע־געבן זיין ביטראג אין באזונדערן איבערן לאנד.

לעצטן יאר האבן די ערשטע דריי פאקטיש דורכן יאר יעדער איינער פון זיי אפגעגעבן עטלעכע חדשים פאר באזוכן איבערן לאנד און די מערסטע באזוכן זיינען געווען פארבונדן מיט דירעקטע ארגאניזאציאנס ארבעטן. חבר רובינשטיין האט אויך באזוכט פונקטן נאענטע צו ניו יארק און אין אנפאנג פונ'ם איצ־טיקן ארבעטס יאר אויך געמאכט א רייע באזוכן אין ווייטערע פונקטן.

<u>גרויסער צענטראל קאמיטעט און פארטיי ראט</u>

די זיצונגען פון גרויסן צענטראל קאמיטעט זיינען פארגעקומען כמעט רע־געלמעסיק אין דער לעצטער צווישן־קאנווענשאן פעריאד. עס זיינען פאר די דריי יאר אפגעהאלטן געווארן 9 זיצונגען פון גרויסן צענטראל קאמיטעט. דער גרויסער צענטראל קאמיטעט האט כמעט ביי יעדער זיצונג געהאט פאר זיך ספעציעלע פראב־לעמען וועלכע זיינען געווען פון גרויס וויכטיקייט אין דער צייט פון דער צוזאמענ־קונפט פון גרויסן צענטראל קאמיטעט. אויפן אויבן־אן פון דער אגענדא פון גרויסן צ.ק. זיינען געווען:ציוניסטישע פאליטישע פראבלעמען,פראגן פון הילף און רעליף, אמעריקאנער אידישע קאנפערענץ,און אונזערע ארגאניזאציאנספראבלעמען.

נאך יעדער זיצונג פון גרויסן צ.ק. האבן מיר געמאלדן אונזערע פאריינען וועגן די פארהאנדלונגען און אויספירונגען און באשלוסן.

ווען ס'איז קלאר געווארן צום שלוס פון די צוויי יאר נאך דער סיראקיוזער קאנווענשאן אז צוליב די טראנספארט רעגולאציעס קען מען ניט פארופן קיין פארטיי קאנווענשאן, האבן מיר אויפן יסוד פון א רעפערענדום פון די פארטיי־פאריינען באשלוסן אפצוהאלטן נאר א פארטיי ראט. דער פארטיי ראט אין פילאדעל־פיע איז געווען זייער גוט באזוכט. דעם אויבן־אן האט פארנומען די דיסקוסיע ארום דער ארגאניזירונג פון אונזער ענגליש רעדענדער סעקציע.די באשלוסן וועל־כע זיינען אנגענומען געווארן זיינען דורכגעפירט געווארן דורכ'ן צענטראל קא־מיטעט. וועגן דעם ווערט באזונדער גערעדט אין ספעציעלן באריכט פון דער ענג־ליש רעדענדער סעקציע. עס האלט כדאי געווען זיך אפשטעלן אויספירלעכער וועגן

די אנדערע רעזאלוציעס פונ'ם פארטיי ראט וויל ווי עס שיינט פון די דיסוקיסעס וועלכע זיינען ביי אונז געפירט געווארן פאר דער איצטיקער קאנווענשאן האבן זיך געשאפן לעגענדעס וועגן דעם אינהאלט פון די דאזיקע רעזאלוציעס וועלכע האבן קיין יסוד ניט אין דער ווירקלעכקייט. סיי דער באריכט וועגן פילאדעלפיער פאר-טיי ראט ווי אויך די רעזאלוציעס זיינען פארעפענטלעכט געווארן אין קעמפער.

צוליב דעם וואס מיר פארענדיקן דעם באריכט ממש אין די לעצטע פאר-קאנ-ווענשאן שטונדן וועלן מיר זיך איצט ניט אפשטעלן אויף דעם דאזיקן ענין און מיר וועלן שוין א ריי נאך וויכטיקע ענינים וועלכע מיר האבן געוואלט באריר[ן] אין דעם שריפטלעכן באריכט שוין איבערלאזן פאר דער תורה שבעל פה, פאר דעם מינדלעכן צוגאב וואס מיר וועלן געבן ביי דער קאנווענשאן אליין.

---

צוליב די ספעציעלע אומשטענדן פון אונזער ארבעט אין די לעצטע וואכן באזונדערס צוליב דער איצטיקער פאליטישער סיטואציע אין ציוניזם,(ווען מיר שרייבן דעם באריכט האבן זיך אנגעהויבן די זיצונגען פון דער ספעציעלער פאר-שונגס קאמיסיע אין וואשינגטאן) איז פאר אונז אונמעגלעך געווען צו אפשליפן דעם דאזיקן באריכט ווי געהעריק און עס האבן ספעציעל פון דעם געליטן די לעצטע פונקטן פונ'ם באריכט. מיר ווילן נאך צוגעבן אז ס'איז אויך ניט געווען די מעגלעכקייט אז דער באריכט זאל געבראכט ווערן צו דער אויפמערקזאמקייט און פולער קענטניש פון צענטראל קאמיטעט. דארף מען דארום דעם באריכט אננעמען אלס באריכט פונ'ם סעקרעטאר פון נאר ער דארף געהאלטן ווערן פאראנטווארטלעך פאר אלעם וואס עס ווערט אין דעם דאזיקן באריכט געזאגט און באהויפטעט.

עס איז אונזער איבערצייגונג אז פאר די דאָזיקע דריי יאר האבן מיר דאס ערשטע מאל פאר דער צייט פון מערערע יארן ניט נאר באוויזן איינצוהאלטן אונ-זערע פארטיי פאזיציעס; נאר שוין ארויס פון דעם „סטרייט דזשעקעט" פון אפ-היטן וואס מען פארמאגט. מיר האבן באוויזן אויסצובורייטערן אונזערע ריי[ע]ן. מיר האבן באוויזן אז עס איז פאראן גרויסע מעגלעכקייטן אז די פארטיי זאל קענען ציילן אין אירע רייען פיל, פיל גרעסערע צאלן ווי מיר האבן איצט ביי זיך. די אויפטואונגען נאר פון עטלעכע שטעט האבן באוויזן אז ס'איז מעגלעך אז אויך די פארטיי זאל וואקסן אין דער געהעריקער פראפארציע פון אלע אנדערע צווייגן,

